


# הונדערט טראָפען טינט

קורצע אריגינעלע פאבלען פון

## ה. הירש

(פון דער סעריע טויזענד און איין פאבל)

PUBLISHED BY
CANADIAN JEWISH PUBLISHING CO. LIMITED
TORONTO, CANADA.

פערלאג — „קענעדע“.



איין טראָפּען טינט, קען מאכען
דענקען א גאנצע וועלט מענשען.

# אינהאַלט פערצייכניס

# אינהאלט פערצייכניס

# פאָרוואָרט פון׳ם פערפאַסער

דאָס פאָרליגענדע ווערק איז די ערשטע טהייל פון דער סעריע „טויזענד און איין פאַבל״ וועלכע ערשיינט רעגעלמע־סיג אין דעם „אידישען זשורנאל״, די טעגליכע צייטונג פון טאראָנטאָ, קענעדע.

דיעזע פאַבלען פאַנגען יעצט אָן צו ערשיינען אין אַ פיעל אויסגעבעסערטער פאָרמע צו הונדערט אין אַ בוך. זיי וועלען ערשיינען אין צעהן בעזונדערע ביכער, פון וועלכע דאָס פאָלגענדע איז ווי געזאָגט, דאָס ערשטע.

און דער פערפאַסער דריקט אויס היערמיט זיין אינניגס־טען דאנק צום הערויסגעבער מר. ה ע ר י  ו ו י י נ ב ע ר ג, וועל־כער האָט פינאַנציעל ערמעגליכט די אויסגאַבע פון דיעזער סעריע און ער האָט זיך געגעבען די גרעסטע אָנשטרענגונג צו דרוקען דאָס ווערק אין אַ פראַכט־אויסגאַבע, ניט שפּאָרענדיג דאבײ קיין קאָסטען און קיין מיה און שטעלענדיג זיך די אויפגאַבע צו בעריי־כערען די אידישע ליטעראַטור מיט אַ ווערק וואָס זאָל טעכניש צופרידענשטעלען דעם געשמאַק פון אַלע אידיש־לעזער.

# צו די לעזער

פּרובירענדיג די שטאָף פון בינשטאָק אויף׳ן טעם, דורך לעקען,
(וואַקס און האָניג אויסגעמישט צוזאַמען)
פלעגט דער אור־מענש דאָס ארויסשפייען, פערדאַמען,
דער מאכל פלעגט איהם זעהר ווייניג שמעקען,
די ביענען פלעגט ער שארף און ביטער קריטיקירען
למאי זיי וואַגען אזא נוצלאָזען געמיש צו פּראָדוצירען.

מיט יאָהרען שפּעטער האָט דער מענש ענטדעקט,
אז דער האָניג, ווען מען טהיילט איהם אָב בעזונדער
האָט א זיסען טעם, גאָר וואונדער איבער וואונדער,
און אָנגעפאַנגען האָט מען קוקען אויף די ביענען מיט רעספּעקט.
צוליעב דעם האָניג האָט מען זיי פערגעבען און פערגעסען,
דעם חטא, וואָס מעהר ווי העלפט — די וואַקס, איז ניט צו׳ם עסען.

אויב איהר קענט נור עטוואָס דאָ געפינען, ווערטה צו׳ם דרוקען,
מעגט איהר, ליעבער פריינד, די ביסעל וואַקס פערקוקען...

# דער קליינער עלוי

א טראָפּען טינט, ביי'ם פעדער - שפּיץ, געפרעגט האָט זיך אליין:
„מיין גאָט! עס כאַפּט מיך איינפאך אן א שרעק,
ווארום בין איך פון טינטער טינט אוועק?
וואָס קען איך, טראָפּעלע, דאָ אויפטהאָן? ד'בין דאָך מאָדנע קליין,
אזא מין קאפּעטשקע! וואָס האָב איך פאר א צורה?
ד'קען אסור צער געגוג זיין אויף א קלייגינקער בראָשורע.''

דעם דענקערס גייסט, האָט איהם בערוהיגט און געטרייסט:
„מיין קינד, פערצווייפעל ניט! קענסט אויפטהון זעהר פיעל,
דו דארפסט נור שרייבען מיט טאלאנט און מיט געפיהל,
דו קענסט אין ווייניג ווערטער, זאָגען אלעס וואָס דו ווייסט;
אין שרייבען, איז פאראן אן אלטער, פעסט - געשטעלטער כלל,
— מען קען אין קורצען אויסדריקען, די שעהנסטע שטיק מאראל. —''



דעם העכסטען שאַרף - זין, אלע שפּריך - ווערטער וואָס איהר געפינט,
די צעהן געבאָט זאָגאר, האָט אויסגעדריקט א טראָפּען טינט.



# דער שטורם און די זון

דער שטורם האָט געדונערט און געקראַכט:
„די גוטע זון איז הינטער מיינע וואָלקענס יעצט געבליבען,
מיין כמאַרע, דונערען און בליצען, האָבען זי פערטריבען,
נימאָ שוין מעהר קיין שטילע ליכט, נור שטורעם׳ס רויהע מאַכט;
אוים מיט זאַנפטע שטראַהלען! אלעס בלייבט פערשלונגען,
אין די דונערענדע וואָלקענס, מיט די פייערדיגע צונגען!”

שפּאַלטענדיג די כמארעס, האָט בעוויזען זיך א שטראהל.
און שמייכלענדיג געזאָגט: „איך וויים עס קלאָהר,
דער שטורם איז געקומען דאָ אויף קורצע יאָהר,
באלד וועט ווערען שטום דעם דונער׳ס קנאל,
ס׳וועט אָבשטארבען די רויהע קראפט מיט איהר הארמידער,
די הימלען וועלען ווערען לויטער און די זון וועט שיינען ווידער”.



מלחמה־שטורמס, שווארצע כחות, קענען לאנג דאָ ניט רעגיערען,
ווייל ענדליך מוז די זון פון פריעדען ווידער טריאומפירען.



# די שוואלבען און די גענז

ענדע זומער, ווען די ווינטען האָבען אָנגעפאנגען בלאָזען,
פעררופען אן אסיפה האָבען די מיליאָנען שוואלבען
און גלייך בעשלאָסען דאָרט, אז אויף א יאָהר א האלבען,
זאָלען זיי די קאלטע געגענדען פערלאזען.
„ציוו, ציוו!" געהערט האָט מען א שוואלב, דעם עולם אדרעסירען,
און באלד נאָך דרום האָט די גאנצע מחנה אָנגעפאנגען עמיגרירען.

אויך די גענז געהאלטען האָבען אן אסיפה וועגען זעלבען ענין,
צו פליהען אין די דרום - לענדער וואו ס'איז ווארעם,
נור באלד געוואָרען איז א מורא'דיגער טומעל און א ליארעם,
ווער פליהט ראשון? ווער פליהט שני? ווען פליהט אָב דער ערשטער מנין?
און אין פריהלינג, ווען די שוואלבען האָבען שוין צוריק גענומען פליהען,
האָב'ן נאָך די גענז געריסען זיך די גאָרגלען און געשריהען.




דער איד מוז ווינטערען אין צרות, ליידען גלות און רדיפות;
ער קען ניט פליהען ווייט, צוליעב די אידיש-גענזענע אסיפות.

# דער פויק און דער גראַגער

דער פויק וואָס האָט געשפּיעלט אין אַן אָרקעסטער,
האָט דערהערט אום פּורים דאָ אַנומעלט,
ווי דער פּורים־גראַגער שרייט און טומעלט.
„אַ קאַליקע, פון אַלע קאַליקעס, דער גרעסטער!"
האָט דער פּויק, פון׳ם גראַגער, אָנגעפאַנגען שפּאָטען,
„דיעזער חברה־מאַן שפּיעלט איינפאַך גאָר אָהן נאָטען!"

„גראַ, גראַ, גראַ!" געענטפערט האָט דער גראַגער...
„דיין פּעל צו גראָב איז, דו זאָלסט ריידען פון מוזיק,
אַ שפּאַס נור אַ כלי־זמר דו ביזט, אַן אַנטיק!
איך, לכל הפּחות, קריך ניט אין׳ם מוזיקאַנטען־לאַגער,
ווערענד דו, אַ פּוסטע כלי, שטופּסט זיך צווישען לייטען,
קיין שום וואונדער אַז דו קריגסט אַזעלכע בוכצעס אין די זייטען!"



ווייסענדיג דעם אייגענעם חסרון,
קען מען זיך פיעל קלעפּ פערשפּאָרען.



# די צווייי ווייזערס

דער מינוטניק, האָט דעם שטונדען־ווייזער, קריטיקירט:
„היות אז יענער נעהמט זיך צופיעל צייט;
זעקס שטונדען ליגט ער אָפּ אויף יעדען זייט,
אָט ביי מיר האָט ער בעריהמט זיך, געהט עס ווי געשמירט,
איך פויל מיך ניט, איך פליה, איך יאָג,
איך לויף ארום דעם ציפער־בלאַט א דוצענד מאָל א טאָג.“

דער שטונדען־ווייזער האָט אויף דעם גענומען צייט,
און אויף זיין זייגער־שפּראַך געענטפערט: דורך׳ן קלאַפּען,
„דיין שנעלקייט ברענגט דיר גאָר א גליק, א קנאַפּען,
דו לויפסט און דענקסט, וועסט קענען אָנשפּארען גאַנץ ווייט
און צו׳ם סוף, ביי׳ם ענדע פון די פיער און צוואנציג שטונדען,
האָסטו, מעהר פון מיר, ניט אָבגעשפּאָרט קיין צוויי סעקונדען.“



וואָס טויג דער לויפען, יאָגען, האָווען, ווערען רייך?
ביים זונען־אונטערגאנג, מיר אלע האָבען גלייך!...



# דאָס וואסער און דער שטיין

דאָס וואסער'ל האָט קריעג ערקלעהרט צום שטיין אין וועג,
אין באלד איהם אטאקירט לויט איהר בעגריעף,
מיט קליינע טראָפּענס וואסער, טריף! טריף! טריף!
(ס'זאָל הייסען אויף מלחמה־שפּראַך, א האַנד צו האַנד געשלעג.)
און געלאכט האָט דער בעפאלענער, „וועסט גאָרנישט מאכען,
דיין אטאקע קיצעלט מיך, עס מאכט מיך בלויז צו'ם לאכען".

דאָס וואסער'ל האָט אָבער אָנגעפיהרט די קריעג
מיט זעלטענער ענערגיע, כסדר, טאָג און נאכט,
דער שטיין איז ענדליך שטום געוואָרען און ניט מעהר געלאכט,
ווייל טראָפּענווייז דאָס וואסער זיך דערנעהנטערט האָט צו'ם זיעג,
מאָנאטען נאָך מאָנאטען, וואָך נאָך וואָך,
די טראָפּענס האָבען דורכגעבוירעט אין דעם שטיין א לאָך.

אין מיסערפאָלג איז אייער אייג'נע שולד,
מסתמא פעהלט אייך אוים געדולד.



# דער סדור און דער מחזור

"וואונדער איבער וואונדער!" האָט געזאָגט דער סדור,
"מחזור, וועט דער איד אייך זאָגען, צעהען שטונדען נאָכאנאנד,
וועהרענד מיך, דעם סדור, וויל ער ניט אריינגעהמען אין האנד!
איך בין מיט איהם, אדרבה, און ער מיט מיר, איז קידער־וויעדער,
איך פערלאנג פון איהם געצעהלטע תפלות, דאוו'נט ער גאָר ניט,
יענער האָט זיי פעק — זאָגט ער אלעס און פערפעהלט א האָהר ניט!

„קיין שום וואונדער!" האָט דער מחזור איהם ערווידערט.
„דיך צופרידענשטעלען איז פאר איהם דורכאוים אונמעגליך,
דו פערלאנגסט פון איהם א דאוונען דריי מאָל טעגליך;
האָסט דעם אָר'מען אידען, צופיעל שוין פער'סדור'ט .
איך, אָט זעהסטו! קום צו איהם נור איינמאָל יעהרליך,
און דערפאר איז ער אין מיר מתפלל טריי און עהרליך".



וועו איהר רוקט זיך מיט בקשות דריי מאָל אויף'ן טאָג
ווערט איהר צוגעגעסען, וואָכעדיג, איהר האָט דעם סדור'ס קלאָג...



# דער וואוכערער

„מיין גאָט !‟ געטענה'ט האָט א זינדיגע נשמה.
„דו הייסט מיר מגולגל ווערען אין א שינדער,
ד'זאָל שינדען פעל פון בהמות, פערד און רינדער;
זיך עוסק'ן מיט נבלות, זיין טאָג־טעגליך טמא,
ניט פערגעס זיך אבער, ד'האָב א רב אין מיין משפחה,
איהם צוליעב, בעשער מיר גאטוניו, א שעהנערע מלאָכה !‟

„ביזט גערעכט !‟ האָט גאָט געענטפערט. „שטאמסט פון יחוס,
ס'איז א טענה ווירקליך ניט קיין שלעכטע;
עס וועט נעבאך פאר'ן רב'ל זיין א שטראָף אן אונגערעכטע,
אלזאָ גוט ! זאָלסט האָבען אויף דער וועלט אן אנדער שליחות.
דו בלייבסט זיך טאקי אונזער כלב'ס קאָנקורענט,
נור זיי א וואוכערער און שינד פון ארמע לייט פראָצענט‟.



דער וואוכערער־מיוחס און דער פראָסטער שינדער,
פערמאָגעןביידע איין געפיהל — א נשמה פון א זינדער.



# דער עזעל און דער פוקס

דער עזעל האָט גע׳טענה׳עט מיט׳ן פוקס:
„מען זאָגט, אז איך בין נאריש — דו ביזט-קלוג,
נור עהרליך ריידענדיג, איז „זאגעכץ״ דען גענוג?
וואו ליגט די אורזאכע, אין יאָהרען צו אין וואוקס?
דעם סמן, וויסענשאפטליך, האָט נאָך קיינער ניט ערקלעהרט.
גלאַט זאָגען, קען מען דאָך די זעלבע מעשה פונקט פערקעהרט!״

און דער פוקס געענטפערט האָט איהם מיט א שמייכעל:
„גראדע ווייל דו דארפסט א סמן אויף פערשטאַנד,
ווייל מען דארף דיר אנצייגען אויף חכמה מיט׳ן האנד,
גראדע דיעזער פאקט בעווייזט, אז ס׳פעהלט דיר שכל,
אַט איך, מיין פריינד, ווייס זיכער, אָהן סמנים,
אז דו בעלאַנגסט צו׳ם קלאַס פערפאַלענע נאראָנים.״



דער נאַר בלייבט נאַר אין אלע צייטען, — אלע מדינות,
ווייל ער אליין, אויף חכמה האָט ניט קיין מבינות.



# די פליג און די מאָסקיטא

א פליג האָט זיך אמאָל, אלס פויגעל פראָקלאמירט.
געשטיצט האָט זי איהר ארגומענט דערמיט,
וואָס זי, די פליג, ווי יעדער אנדער פויגעל, פליהט.
די נייע יחסנ'טע האָט שטארק דאביי שטאָלצירט:
„מיין פליהען", פלעגט זי ריהמען זיך, „איז ניט קיין פראָסטע מלאכה,
רעספעקט! איך בין דעם אָדלער'ס לייבליכע משפחה!"...

א מאָסקיטא האָט דערלאנגט דער פליג א בים:
„מיט דיין יחוס־צעטעל פון דער קופע מיסט דירעקט
און דערצו אָהן פעדערען, ביזטו גאָר אן אינזעקט;
ביזט פערפעסטעט, פול מיט שמוץ פון קעפעל ביז די פיס.
די קלענסטע פויגעלע, ווי אונז מאָסקיטאָס איז בעקענט,
פליהט העכער פיעל פון דיר און קריכט ניט אויף די גלייכע ווענט."



מאנכע גדולים, וועלכע זענען כלמרשט הויך געשטיגען,
האָבען גאָר דעם יחוס־צעטעל פון די פליגען...



# דער עלעפאנט

די ווילדע חיות האָבען פון דעם גרויסען עלעפאנט געשפּאָסט,
און איבעראל איהם קריטיקירט, מיט זידלעריי בעגלייט איהם,
היות דער חברה־מאַן, בעזיצט א מאָדנע־לאנגען חוטם,
דערצו פערדיענט ער סתם צו ווערען שטארק געהאָסט,
ווי גרויס ער איז, פערמאָגט ער ניט קיין ברעקעל מוטה,
פערצוקט קיין לעמעלע זאָגאר, אנטלויפט פון בלוט!"

דער עלעפאנט געשוויגען האָט, ביי זיך האָט ער דאביי געטראכט,
אז אלע חיות זענען א י ה ם נאָך, זעהר פיעל מקנא,
ס'פערדריסט זיי, למאי, זיי מוז'ן איהם אָפּטמאָל זאָגען „פּראָשע פּאנע!"
ווייל כאָטש ער האָט קיין רויבער־נעגעל, ז'ער אין וואלד א שטארקע מאכט,
אַי דער נאָז, וואָס הענגט איהם דאָ פון פאָרענט ווי א צאָפּ,
נו מילא! האָט ער אָבער אויך דעם גרעסטען, שטארקסטען קאָפּ...



דער איד איז ווי דער עלעפאַנט, ס'איז לייכט צו איבערצייגען,
די זעלביגע חסרונות; פונקט די זעלבע טרויסט, דער זעלבער שווייגען.



# די ליכטעל און די הבדלה

די ליכטעל האָט פון דער הבדלה שטארק געלאכט:

„חו שיינסט נור איינינע מינוטען אין דער וואָך,

אין באַלד פערלעשטו זיך דערנאָך.

וואָס טויג א ליכט וואָס שיינט מינוטען, בלויז איין נאכט?

אָט זעהסטו, איך, קען שיינען ווען איך וויל;

ד'קען שיינען איבעראל און שיינען פיעל.”

„ריכטיג! אמת!” די הבדלה האָט ערווידערט.

„עס נעהמט מיר, „שבעה נקיים” ביז איך צינד מיך אָן,

אין שבת'דיגער שטימונג א מעת לעת בין איך פערטהון,

ביז דאָס ליכט מיט מיינע קנויטען זיך פערברידערט.

נור דערפאר צוזאמען מיט מיין ליכט, קומט גאטעס וואָרט,

וועהרענד דו ברענגסט גאָר ניט, אויסער ליכט פון דונקעלן סאָרט.”



דער פערפאסער, וועלכער שאַפט מיט גרויסע מזל ברכה,

איז קיין קינסטלער, נור א פראָסטער בעל מלאכה...



# די קיה

„סטייטש!" געערגערט האָבען זיך די קיה, געקרענקט פון צאָרן.
„די מעהרסטע חיות אויף דער ערד,
די קעמלען, מויל־עזלען און פערד,
האָבען קיינער ניט, ווי מיר, אזעלכע כרזת יאָהרען,
בלויז מיר קיה, דערלעבען גאָר ניט אלט צו זיין, אז אסור!
נאָך יונגערהייד גאָר, ווערען מיר צוהאקט אויף בשר כשר."

„זייט געטרייסט!" געענטפערט האָט זיי דער בעשעפער,
„פערגעסט ניט אז איהר ווערט געקוילעט מיט א ברכה,
און דאָס אליין איז שוין א גוואלדיגע הצלחה.
אייער פלייש געבראָטען ווערט נאָכהער מיט זאַלץ און פעפער.
דערמיט בעדארפט איהר שטאָלץ זיין; דאָס איז אייער גדלות,
געגען פערד און עזלען, וועלכע פגר'ען אלס אלטע פאדלעס."

בעסער זיין געריהמט, געבענשט און פאַלען יונגערהייד,
איידער זיין אן אלטער פערד און וואַרטען אויף'ן טויט.



# די בעסטע תפלה

די תפלות פון דעם מחזור, האָבען זיך פערזאמעלט אין א כאָהר
אונ גענומען רייסען זיך און קריעגען,
יעדע איינע האָט געגוואלדעוועט אויף איהר בעזונדער נגון,
אז זי אליין נור, קען דאָ אויסווירקען פאר אידען א גוט־יאָהר.
יעדע איינע האָט זיך אָנגעגעבען אלס די בעסטע,
מיט א פּאָפּולאריטעט, וואָס איז די גרעסטע.

דער מחזור האָט דערהערט די קריעגערייען
און באלד האָט ער זיי פאָלגענדעס ערקלעהרט:
— די תפלה וועמען גאָר דער גרעסטער כבוד דאָ געהערט,
איז גראָדע גאָר א שטילינקע, איהר הערט זי קיינמאָל שרייען,
זי לאַכט זיך אָבער אויס פון דעם „המלך" מיט'ן „שוכן עד",
זי האָט דעם בעסטען קוויטעלע, — זי הייסט „האוחז ביד". —

די בעסטע תפלה, אויב איהר האָלט ניט יענעם גוט אין האָנד,
איז גאָרנישט ווערטה, ס'איז נור געטענה'ט צו דער וואנד.



# דער גרעסטער היץ-קאָפּ

די קיך־ארטיקלען האָבען צווישען זיך געדעבאטירט:
„היות די טעפּ, כסדר, זידען, קאָכען,
דער אויוען פלאַקערט, ברענט פאר וואָכען,
דער מעסער שניידט, דער גאָפּעל שטעכט, דער אייז־באָקס פריהרט,
טאָ ווער פון זיי, פון אלעמען, איז מעהר בעל כעסן
און וועמען קומט, פאר זיין א היץ־קאָפּ, שמייסען?"

דער אלטער לאָקשען־טאָפּ, גענומען האָט דאָס וואָרט:
„רבותי! (צווישען אונז דאָ זאָל עס בלייבען).
דאָס שוועבעלע וואָס צינדט זיך אָן פון איינמאָל רייבען,
איז זיכער א בעל־כעס'ניצע פון דעם ערגסטען סאָרט,
די אורזאכע איז פּשוט, ס'זאָל איהר נור ניט זיין צו שאַנד,
זי האָט א זעהר קליינע קעפּעלע און קיין פערשטאַנד"....



דאָס לעבען דאָ, בעשטעטיגט יענע מיינונג פון'ם טעפּעל,
דער גרעסטער היץ־קאָפּ, איבעראל, בעזיצט די קלענסטע **קעפּעל**...

מאַרהל

# די בארשט און די קאַם

די בארשט גענוקוקט האָט אויף דער קאם פון אויב'ן אראָפּ:
„ווי ווענינ צייהן דו האָסט, מאדאָם!
איין שורה בלויז און שיטער אזוי סתם,
איך ווייס ניט וואָס פאר נוצען ס'האָט פון דיר דער קאָפּ?
איך בין זעהסטו, רייכער פיעל פון דיר, פריינדינע!
ד'האָב א וואלד מיט האָהר אויף זיך, א גאנצע מדינה".

„איך לאָז מיך אוים פון דיינע חזיר'שע עשירות",
האָט די קאָם ארויסגעשטאמעלט צווישען איהרע צייהן,
„ניט פערגעס דעם מקור פון דיין רייכטהום — ווייסט עס דאָך אליין!
ס'איז חזיר־האָהר, עס עקעלט מיך ווען איך בעריהר עס,
ליעבערסט וועל איך ליידען אָרימקייט, זיך שעהמען,
איידער פון א דבר אחר עטוואָס נעהמען".

די קאם האָט רעכט. נגידות וועלכע שטאמט פון „חזיריי"
איז גאָר אין גאנצען האָבען ניט כדאי.



# דער אומרוה

„טיק טאַק! טיק טאַק!
וואָס האָב איך אַט דערפון, א שטייגער?"
געפרענט ביי'ם אומרוה, האָט דער זייגער.
„איך פיהל נים אין דיין קלאַפעריי קיין שום געשמאַק,
דו שאָקעלסט זיך, ביזט נע ונד, דו דולסט מיר נור מיין מח;
צו אויסשטעהן דיעזע מאַנאָטאָנע קלאַפעניש, ווער האָט עס כח?"

„דו נארישע מאשינקע!" האָט דער אומרוה איהם ערקלעהרט.
„ס'געפעלט דיר נים מיין שאָקלען זיך, מיין טיק, טיק, טיק!
— מיין טהעטיגקיים, מיין קלאַפען, ברענגט דיר אָבער גליק,
ווען איך בלייב שטעהן, פערלירסטו דאָך דיין גאנצען ווערטה,
מען ווייסט שוין איבעראל, אין אלע הייזער,
קיים שטעהט דער אומרוה, קוקט מען גאָר נים אויף דיין ווייזער".

דער מענש האָט אויך אן אומרוה, דאָס איז זיין געוויסען,
און מערקט מען אייער אומרוה קלאפט נים, וויל מען שוין פון אייך נים וויסען

# די אפע און די ביבליאָטעס

אן אפע האָט געהערט, אז ביכער מאַכען מענשען קלוג.
זי האָט צו דיעזען צוועק,
בעשלאָסען איינצושאַפען זיך א ביבליאָטעק,
אָט דאָס אליין, האָט זי געדענקט, וועט זיין גענוג,
ווייל זעהענדיג ביי איהר א שאַפע ביכער אויבען אָן,
וועל'ן אלע דענקען, דאָס־זי איז א הויך־געלרענטע פערזאָן.

נור ניט האָבענדיג געשטאנען ווען, אין בילדונגס דלד אמות,
האָט זי אנגעקויפט א מאסע ספרים, אלץ פון איינע,
הויפּטזעכליך מיט רוקענס שעהנע,
און צושטעלט אין שראנק, א טויזענד גמראס, — אלע בבא קמאס.
נאטירליך, ווער עס האָט איהר ביבליאָטעק בעטראכט,
האָט אָנגעכאפט זיך ביי די זייטען און געלאכט.




מאַנכער געלד־זאק פילט מיט ביכער אָן זיין שאַפע,
מאכענדיג זיין אויסוואהל, פונקט ווי יענע אפע.

# די צוויי זאַנגען

א קליינער, לייכטער זאַנג, מיט מאָגערע און ווייניג קערנער,
געפרעגט האָט ביי א פעטען זאַנג א שווערען:
ווי קומט צו דיר אזוי פיעל קערענדלאך און גרויסע ווי די בערען?
צי האָט דיך אונזער מוטער ערד אביסעל גערנער,
צו אפשר איז דאָס ווי איך האָב שוין לאנג בידיעה,
אז דו, מיין פרײַינדין, קומסט ארויס פון גאָר דער בעסטער זריעה?"

„ד'בעלאנג צו ווינטער־ווייץ", געענטפערט האָט דער פעטער זאַנג,
„איך בין פון דער זעלבער זריעה און איך פויל אין דר'ערד אזוי ווי דו,
ד'בין מיט זעקס מאָנאטען, אבער, מעהר געלעגען אין מיין רוה;
ד'בין קאָלט, ניט היציג, זעהר לאנגזאם איז מיין גאנג
מיינע קערענדלאך, דעריבער, זענען גרויסע, פעט און שעהן,
דו אלס זומער ווייץ, האָסט זיך געאײַלט, דעריבער ביזטו דאַר, געמיין."



מאָראַל

טהוט איהר וואס, דאַן פאַרזיכטיג און לאנגזאם טהוט עס,
ווייל פון כאַפעניש קומט קיינמאָהל ניט ארויס קיין גוטעס.

# דער קאָנווערט און דער בריעף

אויף'ן פּאָסט, דאָרט ביי די בריעף־קאָנווערטען, איז געבליבען,
היות ווי זיי ענטהאלטען דעם אדרעס און אויך די מארקע,
איז עס דאָך א ראיה גאָר א שטאַרקע,
אז פון זייערט וועגען ווערט דאָס גאנצע פּאָסט־געשעפט געטריבען.
דאָס שטיק פּאפּיר'ל אינוועניג, האָט גאָר קיין טעם,
ס'איז בלויז אום אויסצופילען דעם „קאָנווערטען־איך" דאָרט מן הסתם.

א בריעף וואָס האָט א טיעפען סוד אין זיך ענטהאלטען,
האָט אויסגעשאָסען אין א הילכיגען געלעכטער.
„אָה, חמורים! זאָל דיר איינער זיין, פון אייך, א רעכטער!
איהר זענט נור פּראָסטע זעק, וואו סחורה ווערט געהאלטען;
זאָ שנעל ווי איהר שטעלט צו די „גודס" *)
באלד ווערט איהר אויפגעשניטען און אריינגעשליידערט אין די שמוץ."

*) סחורה.



אונזער קערפּער לעבט, זאָ לאנג ער טראָגט אין זיך דעם גייסט, די נשמה,
אָהן דעם בריוועל אָבער, פליהט דער זעקעל טיעף אין דער אדמה...



# די חופּה און דער גט

די חופּה האָט געזאָגט צו'ם גט: „ביזט העכסט פערדאָרבען!
וויפיעל איך זאָל דיך ניט זידלען, איז נאָך ווייניג.
רק דו זוכסט נור צו צורייסען, דאָס וואָס איך פעראייניג;
און קוים צורייסטו א פאמיליען גליק, איז יענעם ערגער ווי געשטארבען,
דו בעגעהסט א גוואלדיגען פערברעכען, ביזט א זינדער,
זעה נור וויפיעל דו האָסט דאָ פער'יתום'ט קליינע קינדער!'

„שווייג שוין, שווייג! דו הרי את'ניצע!" ערווידערט האָט דער גט.
„איך צורייס נור דאָס, וואָס דו האָסט שלעכט געפּאָארט,
מיר צוליעב, האָט מאנכער זיך צו מאַטערען פערשפּאָארט;
מיין צושטערען, פּונקט ווי דיין פעראייניגען, איז ניט קיין חטא.
די חופּה ברענגט אמאָהל מעהר צער ווי פריידען,
דעריבער דארף מען אונז דאָ האָבען, ביידען."



ס'איז ניטאָ גאָר אין דער וועלט קיין „גוט", קיין „שלעכט",
אלעס איז דאָ נויטוועגדיג און אלעס איז גערעכט.



# די צוויי נאָדלען

די אלט בעקאַנטע נאָדעל, פון פארצייטען,
גענזאָגט האָט צו דער נייער נאָדעל פון מאשין:
„איך וויים, דו ביזט די איינציגע פון אונזער מין,
וואָס האָט אויף זיך א קאָפּ, אזא פערשייטען;
דו שטעפּסט פיעל בעסער פון אונז אלעמען און שנעלער.
ווארום קען איך ניט טהון דאָס זעלבע? צייג מיר אָן מיין פעהלער!"

דער ענטפער איז געקומען אָבגעשטעפּט אין גראמען:
„דער שכל פון דער גרויסער קראַפט וואָס איך בעזיץ,
איז ווייל איך האָב אין אויערל, אין נאָדעל־קאָפּ, דעם שפּיץ;
מיין קעפּעל און מיין שארפקייט האלטען זיך צוזאמען,
דו, מיין פריינדין, ביזט ניט פעהיג דאָ צו'ם נעהען,
ווייל דיין קעפּעל און דיין שארפקייט אָבגעזונדערט שטעהען.



די שארפע שפּיצינקייט אין קאָפּ ערהויבט ניט נאָר די נאָדעל,
ס'האָט זעהר פיעל צו טהאָן מיט יעדען גדול...



# דער הונגער און דער שכל

דער הונגער, ריידענדיג צום שכל, האָט בעקלאָגט זיך,
אז קיינער גלויבט איהם ניט כאָטש ציה זיך אוים,
און קומט א הונגעריגער צו דעם זאַטען, וואַרפט מען איהם ארוים,
מען וויל ניט גלויבען, אז דער אונגליקליכער פּלאָגט זיך,
מענשען וועלכע האָבען זעלבסט דעם הונגער שוין געשפּירט,
איז אָט ווי זיי ווערען זאַט, פערגעסען זיי אז הונגער עקזיסטירט...

דער שכל האָט איהם קלוג גענטפערט: „זיי געטרייסט!
דו האָסט נאָך גליק, דו קענסט דערלעבען אָן דיין פיינד נקמה,
דער זאַטער טרעפט ווערט הונגעריג, דאַן ציהסטו זיין נשמה,
אָט מיר, דעם שכל, גלויבט מען אויך ניט, ווי דו ווייסט,
און ד׳קען זאגאר ניט דענקען וועגען מיינע שונאים צו בעשטראפען,
ווייל פעהלט נור איינעם שכל קען ער שוין אויף דעם ניט האָפען.

דער זאַטער קען נאָך הונגערען און ווערען גוט און פרום.
דער שוטה אָבער ווערט ניט קליגער, אייביג בלייבט ער דום.

מאַראַל

# די תקיעות און דער שטן

די תקיעות האָבען זיך געטהיילט מיט זייער יחוס.
די שברים האָבען זיך גערימהט, אלס מוזיקאליש רייך;
די תרועה זאָגט, אין שנעלקייט, קיינער איז צו איהר ניט גלייך.
די תקיעה האָט שטאָלצירט, אז זי מאכט אלעס, מעהר באריכות;
די תקיעה גדולה האָט שוין גאָר פון זיך אזוי געבלאָזען, אזש נו, נו!
אזא מין יחסנ'טע, כאָטש רייד צו איהר ניט, געה צו איהר ניט צו!

דער שטן איז געשטאנען דאָרט ניט ווייט.
„זעה נור מיינע העלדען!" ט'ער פערקרימט זיך,
יעדער איינער ביז'ן הימעל דאָ בערימהט זיך;
זיי שטאמען פון א בלאָז און מאכען זיך פיר גאנצע לייט!"
און ריידענדיג, האָט באלד דער שטן, גאָר אָהן שהיות,
פערשטאָפט דעם שופר און געמאכט אן עק צו אלע תקיעות.

מאָנכער שפרינגט אין הימעל, ריהמט זיך און פעררייסט די נאָז.
פלוצלונג קומט דער טוידט און זאָגט איהם: „ביזט א תקיעה'לע, א בלאָז."



# דאָס פערד און דער עלעקטרישער מאָטאָר

דאָס פערד געקומען איז צו׳ם מאָטער מיט א שאלה:

„מען זאָגט דו שלעפּסט מיט פערדע־קראַפט, נו פרעג איך דיך דערפאר,
זאָל זיין אַ פערד איז ווירקליך, ווי מען דענקט, אַ גרויסער נאַר,
נור דאָך בעזיץ איך עטוואָס שכל, און אָהן דיעזער מעלה,
דאָס הייסט, אין גאַנצען אָהן א זינען צו פערמאָגען,
ווי ווייסטו און ווי קענסטו פיהרען, פונקט ווי איך, דעם וואָגען!"

אויף דעם געענטפערט האָט דער מאָטאָר איהם, כהלכה:

„איך לאָז מיך פיהרען פון א מענשען פונקט ווי דו,
דער חלוק צווישען אונז, איז דאָס וואָס איך דעם שכל לאָז צו רוה,
און דו בעטראכסט זיך זעלבסטשטענדיג און פעהיג צו דער מלאָכה,
דעריבער פריינד, איז גראדע ווען דו פאָהרסט לויט אייג׳נעם שכל,
בעקומסטו פייערדיגע שמיץ אין׳ם זייט־זשע מוחל..."

דאָס פערדע־קראַפט קען שלעפּען, אָבער ניט אליין זיך פיהרען,
דאָס שטארקע מוז פון שכל לאָזען זיך רעגיערען.



# די איבּיגע שקלאַפען

אין א צירקוס האָב'ן די חיות אן אסיפה ארראנדזשירט,
מיט'ן צוועק צו זוכען מיטלען ווי פון שטייג זיך צו בעפרייען,
און דער לייב, אלס יושב ראש, האָט צארניג אָנגעהויבען שרייען:
„סטייטש! א טויזענד זעעלען ווערען דאָ עקספלואטירט,
און צו פראטעסטירען, ברומען,
זענען וועניגער ווי העלפט, צו'ם מיטינג דאָ, געקומען!"

„אדוני קעניג!" האָט דער פוקס די זאך ערקלעהרט.
„אלע שטאָלצע חיות, וועלכע האַסען שקלאַפעריי,
זענען דאָ אם פּלאַץ, זיי ווילען ווערען פריי.
די איינציגע וואָס פעהלען, זענען בלויז די פערד,
דיעזע חברה, זענען די מאיאָריטעט און ווי עס שיינט,
האָבען זיי דאָס גלות־לעבען גאָר ניט פיינט".



מאנכע מענשען, ווי די פערד פערלאַנגען ניט קיין פרייהייט,
פאַר א ביסעל היי און האָבער שווערען זיי צו'ם שמייסער טרייהייט...



# די שמאַנט און די זויערמילך

די זויערמילך האָט פּראָטעסטירט:

„סטייטש! די שמאַנט כסדר שטופּט זיך אויבען אָן,

מאכט זיך פאר א גאנצען האָהן,

און אלס די אויבערשטע פון קריגעל, איבעראַל, זיך פּראָקלאמירט,

ווי קען דאָ אָבער גאָר פון גדלות זיין דיריידע?

דער אמת איז דאָך, אז מיר שטאמען פון דעם זעלבען יחוסביידע!"

„ווארהאפטיג!" האָט אויף דעם ערווידערט איהר די שמאַנט.

„מיר ביידע שטאמען פון דער זעלבער קוה,

איך שמאַנט, בין אבער פיעל געשמאַקער אויף'ן טעם ווי דו

און פון די זויערמילך פיעל מעהר אינטערעסאַנט.

ניט אומזיסט האָסטו מיך איבער זיך ערהויבען,

איך בין פעטער פיעל פון דיר, דעריבער זיץ איך אויבען".

די מעהרסטע וועלכע זיצען אויבען אָן, די שמאַנט,

געוואונען האָבען זייער פלאץ, דורך פעהיגקייט, טאלאַנט.



# דער גלאָק און דער שופר

„באָם! באָם! באָם!” געקלונגען אין דער קירכע האָט דער גלאָק.
„זאָל די וועלט אליין שוין זאָגען, וואָס זי האָט מעהר גערן,
מיך, דעם גלאָק, צו דיך, דעם שופר? ווער איז מעהר מאָדערן?
איך — געגאָסען פון מעטאלען, אָדער דו — א האָרן פון א באָק?
ד’וויים ניט אויב די מענשהייט האָט אפילו איינם פּראצעדענט,
וואָס זאָל אנערקענען דיך, דעם שופר, אלס מיין קאָנקורענט”.

„טואו! טואו!” ערווידערט האָט דער שופר מיט א שברים.
„עס באמבעלט זיך ביי דיר, מיין פריינד, א לאַנגע, פרייע צונג,
דעריבער הערט זיך חוצפּה’דיג אזוי דיין קלונג,
דיין אידעאל איז אָבער נאַריש, פּוסט און אָרים,
א גאָט געבאָרען פון א בתולה, פוי! דאָס האָט קיין טעם, קיין ריח,
אין הימעל קענסטו ניט אריינגעהן מיט אַזאַ מין למנצח.”



גערוויסע לאַנגע צינגער ריהמען זיך אלס מאָדערניסטען,
פערטרעטענדיג א לעכערליכען אידעאל, א פינסטערען, א וויסטען...



# די קאַטשקע און די הוהן

די קאַטשקע האָט געפרעגט איהר פריינדין „הוהן“, א שאלה:
„ווי קומט עס וואס די קאַטשקע־אייער געהען ניט אין מארק,
אויף היהנער־אייער, איז די נאָכפראגע, דאגעגען, זעהר שטאַרק;
וואָס האָבען דיינע היהנער־אייער פאר אזא מין מעלה?
דוכט זיך, קאַטשקע־אייער זענען גרעסער פיעל און אָהן א ברעקעל מום
און מען קויפט זיי ניט, מען באיקאָטירט זיי אומעדום!“

„ס'וועגדט זיך גאָר ניט אָן דער גרויס און אָן די פרייזען!“
געענטפערט האָט איהר סוחריש־מעסיג אונזער הוהן,
„דו לעגסט אן איי און מאכסט זיך גאָר א שווייג דערפון,
וועהרענד דו דארפסט, פונקט ווי איך, דיין סחורה אדווערטייזען, *)
בעפאָר און נאָך'ן לעגען, קודקודאַטשע איך פאר שטונדען,
איך אדווערטייז, דעריבער האָב איך אויף מיין סחורה קונדען.“

*) אנאָנסירען.



עס איז זיכער איבעריג אין דיעזען פאַל,
אויסצוטייטשען פאר'ן עולם די מאָראַל.



# די וואנץ און די מטבעה

א וואנץ ארומגעקראָכען איז אנומעלט אויף א גראָשען.
(איך ווייס ניט ווי דאָס קען געשעהען,
דאָס טרעפט זיך אָבער, ד׳האָב עס גראדע שוין געזעהען.)
הכלל, זי האָט גערעדט צו זיך אליין בזה הלשון:
„דאָס שיינט צו זיין א גרויסער אוצר! א גוואלדאָוונער קאַפּיטאַל!
אזוינס אוועקצוגעבען, וואָלט געוועזען איינפאַך א סקאַנדאַל.״

די וואנץ האָט אויך געהאט א שטארקען גרונד,
צו דענקען, אז די קליינינקע מטבעה,
איז ווערטה צו׳ם ווענינגסטענס א חצי מאה,
ווייל דרעהענדיג זיך אויף׳ן גראָשען רונד און רונד,
האָט זי געמיינט, ס׳איז גרויס ווי גאר די וועלט,
און וואו זי איז אויף דעם געקראָכען, האָט זי אלץ געזעהען געלט.

מאנכער מענש, איז ווי א וואנץ, א מאָדנע בריאה,
בלויז א האלבער גראשען, איז ביי איהם א גאנצע מציאה.

מאָראַל

# דער בעטלער און דער קעניג

„מיט וויפיעל, קעניג! ביזטו גליקליכער פון מיר, אין גאנצען?"
האָט דרייסט געפרעגט דער בעטלער, קומענדיג אין פאלאץ שנאָרען,
„דער נעכטען איז דאָך פאר אונז ביידען שוין פערלאָרען,
דער מאָרגען איז פערבאָרגען; גאָט ווייס וואו דיין קרוין וועט גלאנצען.
בלייבט דער היינט נור, היינט איז דיר דער עולם אונטערטהעניג;
בלויז איין איינציג טאָג, ביזטו דער גליקליכער, דער קעניג!"

„פאר דער צוקונפט דארף איך מיך גאָר וועניג זאָרגען".
האָט דער קעניג איהם געענטפערט, „וויס, מיין פריינד!
אז דער נעכטען העלפט מיר אויס צו זיין א קעניג היינט
און דער היינט וועט מיך אלס קעניג מאַכען מאָרגען;
הער עבר מיט'ן עתיד זיינען פעסט געבונדען,
און אלעס זעהט זיך היינט, אין דיעזע פיער און צוואנציג שטונדען".

וועז איהר קענט מיר אייער „היינט" מיט פינקטליכקייט ערקלעהרען,
וויים איך וואָס איהר זענט געוועזען און וואָס פון אייך וועט ווערען.



# די שיך

אימיצער האָט אויסגעלאכט די שיך, זיי קריטיקירט:
„עס ווייזט אויס, איהר זענט די נידעריגסטע ברואים, בנאמנות!
ניט אומזיסט געטראָטען ווערט איהר אָהן רחמנות
און אום תשעה באב אין גאנצען ווערט איהר איגנאָרירט,
ניט צו איכה, ניט צו קינות, וויל מען אייך פאר מחותנים,
מען דערלאזט אייך ניט צו נאַציאָנאלע, וויכטיגע ענינים.“

די שיך, בעליידיגט, האָבען עטוואָס אַנדערש גאָר געזאָגט:
„ווייל דער לעדער אונזערער, איז ווייך און שטארק און גוט געראַטען,
ווערען מיר בענוצט פאר שיך און מיט די פיס געטראָטען.
און דאָס וואָס פון די נאַציאָנאלע זאַכען ווערען מיר פעריאָגט,
איז פאר זיי ארומצוגעהן אָהן שיך, נאָך מעהרער קלאָג,
ווי פאר אונז, ניט ביי צו זיין דעם נאַציאָנאלען טאָג...“



דער איד קען זאָגען צו׳ם פערפאָלגער, גראַדע ווי די שיך:
„מיך אונטערדריקענדיג, פערלירסטו מעהר, ווי איך!“



# די צוויי פידלען

א פידעלע אן אָרימס, פון א כלי זמר דאָרטען, סתם,
געפרעגט האָט איינמאָל ביי א ווירטואזען־פידעל:
„ווי קומט עס וואס ביי דיר האָט יעדעס ליעדעל,
א הימליש־וואונדערבאַרען, געטליך־זיסען טעם?
דוכט זיך פון די זעלבע מאַטריאַל ווי איך, ביזטו געמאַכט
און פון דעסטוועגען, דיין שפּיעלען געגען מיינעם, איז ווי טאָג צו נאַכט!"

„מיר ביידע האָבען פעהיגקייט און אויך טאַלאנט."
דער ענטפער איז זאָפאַרט געקומען.
„עס ווענדט זיך נור ווי ווייט דאָס ווערט פון אונז גענומען,
ווי ווייט מיר ווערען אויסגענוצט פון'ם שפּיעלערס האנד.
און ווילסטו וויסען, פריינד, ווארום מיין שפּיעלען איז געראָטען;
— ד'ווער אויסגעשעפּט און אויסגעזויגען ביז די לעצטע נאָטען."

יעדער מענש האָט פיעלע מעלות אין זיך שטעקען,
די ערציהונג אָבער, דארף עס אויסשעפּען, ענטדעקען.



# דער פראָסט און די קונסט

דער פראָסט האָט איינמאָל זיך בעקלאָגט,
אז אָבוואָהל ער מאָהלט אזעלכע שעהנע בילדער אויף די פענסטער,
ווערט ער ניט בעטראכט אלס קינסטלער, ניט אפילו אלס דער קלענסטער.
„די וועלט, האָט ער געפלאמט, קיין שום גערעכטיגקייט פערמאָגט
ס'איז איינפאך א סקאנדאַל, די קונסט פון פראָסט און קעלט,
זאָל בלייבען אונבעמערקט אזוי, אין גאָר דער וועלט!"

די קונסט האָט איהם ערווידערט: „פעטער! מאַך נור ניט אַזאַ געפילדער,
ביזט גאָר קיין קינסטלער ניט, דיין ארבייט טראָגט קיין פרוכט...
ווילסט אויספיינען פאר אונז א זאך, וואס איז געהאַסט, פערפלוכט,
דו שטעלסט אונז פאָר די בייזע קעלט אין שעהנע בילדער;
דיין קונסט איז ניט ערהאבען, זי איז פאַלש געריכטעט,
דעריבער ווערסטו טאקי פון'ם ערשטען זונען־שטראַהל פערניכטעט."

דאָס שענדליכע, ווען פארגעשטעלט אין קונסט, דאָס דעקאדענץ,
בלייבט אונבעמערקט, עס האָט קיין רעכט אויף עקזיסטענץ.



# צווישען ציפער

דער ציפער „ניין", האָט זיך אלס ציפער־קעניג'ל ערקלעהרט,
„איך", האָט ער, מיט גדלות, זיך בעריהמט,
„בין, אלס גרעסטער פון די ציפער, דאָ בעשטימט!
ווייל צווישען אלע זיי, האָב איך דעם גרעסטען ווערטה;
נול און איינס, צוויי, דריי, פיער, פינעף, זעקס און זיעבען,
און דער אַכט, אפילו, זענען אלע הינטער מיר געבליבען!"

די בעריהמעריי האָט צוגעהערט א צווייטע ציפער
און זי האָט זיך גוטמוטהיג צולאכט,
„הפנים אז דו האַלסט זיך ווירקליך פאר א מאַכט!
עס איז קאָמיש ווען מען קוקט אריין אין דעם אביסעל טיעפער.
שטעהענדיג אליין, ביזטו א גאנצער מיוחס, א בן יקיר,
בלויז צוויי איינסען אָבער, מאכען דיך אוים קנאַקער."

ווען די קליינע ווערען איינינג און זיי נעהמען זיך גרופירען,
קען דער יחיד, מעג ער זיין דער מעכטיגסטער, מיט זיי ניט קאָנקורירען.



# די שפין און דער פישער

די שפין האָט זיך געערגערט, למאי מען האָט זי פיינד.
„סטייטש! איך בין דאָך ניט די איינציגע וואָס לעבט פון פאַנג,
און פון דעסטוועגען „די שפין די ערגסטע איז“, געהט אום דער קלאַנג.
אין גאָר דער וועלט פערמאָג איך ניט קיין גוטען פריינד;
וויל נור איינער אויסדריקען א שנאה פון דעם ערגסטען מין,
זאָגט ער איינפאך: — אָה, איך האס עס, ווי איך האס א שפין! —“

„נו יאָ, דו ביזט אן אמת'ע מרשעת!“ האָט דער פישער איהר ערקלעהרט.
„ווען איך, למשל, כאַפּ אריין אין נעץ א פיש,
פערברויך איך זי אין גאנצען, איך פערצעהר זי ביי מיין טיש,
ביי דיר, דאגעגען, האָט א קרבן גאָר קיין ברעקעל ווערטה,
צוליעב א קלייניגקייט נור, הרג'עסטו די אונשולדיגע פליגען
מען זעהט זיי נאכהער גאנצערהייד ביי דיר אין שפין־וועב ליגען.“

מאנכע מענשען זענען גראדע ווי די בייזע שפינען,


עס איז רעכט ביי זיי א מענשען טוידטען, אום א גראָשען צו פערדיענען.

# אמת און שקר

דער שקר האָט אמאָל געפרעגט א פראגע ביי דעם אמת:
„ווי ווייסען עס די מענשען אונז צו אונטערשיידען?
מען כאפּט מיך אימער פאר'ן האַנד ביים ריידען,
עס העלפט ניט ווי איך זאָל ניט אויסארבייטען מיינע טהעמעס,
יעדער ליגען מיינער, ווערט בעגריפען,
ך'מעג עס מאכען ווי א קינסטלער דורך און דורך געשליפען!"

—

„די אותיות ביי דיר פערראטהען דיך", דער אמת האָט צולאכט זיך.
„א „שין", א „קוף", א „ריש", דו שיסט מיט הונדערטער דיין בלאָף, *)
ביי מיר, דאגעגען, זעהט מען אי אן „אלף" אי א „תיו",
א מאָל איז איינס, א מאָל פיער הונדערט, ווי עס מאכט זיך,
דער שקר, רעדט געקינסעלט און כסדר מיט גוזמאות,
דערפאר דערקענט מען איהם גאָר אָהן שום טעות."

*) ליגען.

שקר האָט קיין סוף (תיו) ניט, ער דערגרויכט נור ביז דעם „שין",
עס האלט דערפאר ניט אויס די קריטיק, ס'האָט קיין זינן.



# דער אפיקומן און דער חכם

דער אפיקומן האָט געפרעגט א שאלה:

„מען זאָגט, די וועלט האלט פון אן עניו, זעהר פיעל;
מען לויבט דעם יעניגען וואָס זיצט בעהאלטען אין דער שטיל.
אָט איך בעזיץ דאָך, לכל הדעות, דיעזע מעלה;
איך ליעג פערשטעקט, בעהאלטען אונטער'ן קישען
און קיינער ריהמט מיך נישט, מען וויל פון מיר ניט וויסען?"

אויף דעם געענטפערט האָט דער חכם פון ארבעה בנים:

„צו זיין אן עניו איז נאָך ניט גענוג,
מען מוז דערצו נאָך זיין געראָטען, גוט און קלוג,
און דו, מיין גוטער ברודער, האָסט דערפאר קיין פנים,
ווייל דו ליעגסט בעהאלטען גלאָט אזוי זיך, סתם,
ווייטער אָבער, ביזטו אבסאָלוט אָהן זאלץ, אָהן פעפער, אָהן א טעם!"

ניט יעדען עניו דארף די מענשהייט ריהמען,
ווייל בלויז עניות, איז א קנאַפּער סמן...



# די קליאטשע און די קוה

די קוה געקראָגען האָט געזידעלט פון דער קליאטשע:
„דו פוסט־און־פּאַסטניצע, אומזיסטע פרעסערין;
פון אלעמען, אין שטאַהל דאָ, לעבסטו זיך א טאָג א בעסערען;
דו ארבייטסט ניט און שטעהסט דאָ ווי א גרעפין אויף א דאַטשע.
פון דיינעט וועגען מוז איך נעבאַך שלעפּען וואסער, פיהרען היי,
שוין יאָהרען ווי דו לעבסט זיך אויף מיין רעכנונג אָט אזוי!"

אויף דעם געענטפערט האָט די קוה, אין מיטען קייען:
„נוצען ברענגען, מיינט ניט דוקא טהון עבודת פרך,
יעדער איינער מאַכט זיך ניצליך אויף זיין אייג'נעם דרך;
א פערד דארף טאקי ארבייטען פאר דרייען,
ווייל ער האָט קיין אנדער אויפגאבע אין לעבען,
איך, די קוה, קען אָבער מילך און פוטער געבען."



קענסט דו, ברודערקע, קיין וויכטיגעם ניט פּראָדוצירען,
מוזט דו שלעפּען, האַקען האָלץ און וואסער פיהרען.



# די שוועבעלאך און די ליכט

געוויסע שוועבעלאך, מיט קעפלאך רויטינקע און קליינע,
האבען מיט אן אונערהערטער חוצפה פראקלאמירט,
אז דאס קעפעל בלויז צוליעב דעם צינדהאלץ עקזיסטירט;
אליין איז זי ניט וויכטיג און א קנאפע גאר מורנו.
והראיה, ווי דער צינד־האלץ ברענט נור אב,
ווערט דאס קעפעל גלייך פערשוואונדען, ס'פאלט אראב.

א שטיקעל ליכטעל צאנקענדיג, האט אויפגעבליצט אויף'ם ניי:
„וואס רויטע קעפלאך קענען איינריידען זיך, משוגעים!
צוליעב דער קעפעל טאקי, מאכט מען דאך די שוועבעלאך, איהר פראים!
אהן אייער ביסעל פאספאר, זענט איהר דאך ניט ווערטה קיין שפיי!
ווי נור ס'רייבט זיך אב דאס קעפעל, איז אן עק צו אייער שטאלץ,
איהר פערבלייבט דאן ווערטהלאזע און אבגעברענטע שטיקלאך האלץ.”

פון דעם שטאנדפונקט פון דער ליכט ערקלעהרט עס זיך גאנץ גלאט,
אז געוויסע רויטע קעפלאך לערנען פאלש דעם פשט...



# צייהנער

„איך בעזיץ די שעהנסטע, בעסטע צייהנער אויף דער וועלט."
האָט אַן אלטע קאָם, אמאָל, אין אַ געשפּרעך געזאָגט,
„קיין בעשעפעניש אזעלכע גלייכע און געדיכטע צייהנדעלאך פערמאָגט.
ך'וויים ניט פון קיין צייהן־וועהטאָג, סיי היץ, סיי קעלט,
ך'בין טויזענד מאָל שוין אין געדיכטע קעפּ געקראָכען
און קיינמאָל נאָך קיין צייהנדעל ניט צובראָכען!"

א באָק־צאָהן, האָט עס צוגעהערט און ציניש זיך צולאכט.
„דער טיפּוש האָט קיין צייהן־וועהטאָג, דעריבער קוועלט ער;
בעריהמט זיך, אז ער האָט נאָך אלע צייהנער אויף דער עלטער,
ער זאָגט אונז אָבער ניט ווי זיינע צייהנער זענען איהם געמאַכט.
ווי קענען זיי איהם וועה טהון, דיעזע פּראָסטע ביינדלאך?
זיי האָבען דאָך קיין נערווען ניט, די קעמעל־צייהנדלאך!"



מאנכע לעבען זיך א רוהיג לעבען און א שטילען,
ווייל זיי האָבען ניט קיין נערווען, קענען גארנישט פיהלען....



# חזיר האָהר

דער חזיר האָט געטרייסט זיך, אז אפילו אידען,
וועלכע קריטיקירען איהם און שמוצען,
ציהען אויך פון איהם גאנץ גרויסע נוצען;
זיין חזיר־האָהר געברויכען זיי פערשיעדענע:
פאר בערשטלאך און פאר דראָטוועס, איז עס שוין ניט טריף
און ס'האָט דערפאר ביי אידען, גאָר א גוואלדיגען פערקויף."

א דראָטווע האָט דעם חזיר דורכגעשטאָכען. „הערט נור א המצאה!
חזיר כשר פיסעל! ער איז נאָך ביי זיך געהויבען,
עס איז אָבער אָך און וועה צו זיין בעריהמען זיך און לויבען!
אָט גראדע ווייל מען קען פון איהם ניט האָבען קיין הנאה,
ווייל זיין פלייש און שמאלץ איז טריפה גאנץ און גאר,
זאָגט מען: „גוט איז פון א חזיר אויך א האָהר." —

דעם קאַרגען גביר'ס נדבה, אויב ער האָט זיך שוין אמאָל פערגונען,
ז'עס כשר, — ווייל א חזיר וואס ער גיט, איז ווי געפונען...



# עקשנות

דער יונגער פוהרמאן האָט געפרעגט ביים אלטען:

„ווי קומט עס וואָס א פערד, בשעת עס ברענט די שטאַל,

וועט ער ניט לאָזען זיך ארויספיהרען פאר קיין שום פאל?

עס איז פון איהם לחלוטין גאָרנישט צו דערהאלטען,

עס העלפט דיר ניט קיין בעטען, רופען, גלעטען,

ער ווערט פערברענט און לאָזט דיך ניט דו זאָלסט איהם רעטען."

„אויף אן אויסגעשפאנטען פערדיל, פרעג מיך ניט קיין קשיות."

געענטפערט האָט דער אלטער בעל עגלה,

„עס איז, אויף פערד, פון גאָט, אזא מין קללה:

סוסים אָהן א ציימעל, זענען איינגעשפארטע נפשות

און קוים נור האלסטו זיי ניט ביי די לייצעס,

איז אוים! זיי ווילען דיך ניט הערען, פאָלגען דיינע עצות."

דער עקשן, ווי דאָס פערד, וויל פון קיינעם קיין ערקלעהרונג,

אפילו ווען עס דראָהעט איהם מיט אונטערגאנג, צושטערונג.



# דער משל און דער נמשל

דער משל האָט געזאָגט צו'ם נמשל: „איך ביי דיר,
בין גראדע ווי א פענסטער אין א צימער;
דיין ליכט בעקומסטו דורך'ן משל אימער,
ווייל דו אליין ביזט זעהר דונקעל ווען אָהן מיר.
די נוץ פון'ם משל איז דעריבער גרויס אונענדליך,
דורך מיר נור, ווערט דער נמשל גוט פערשטענדליך.״

דער נמשל האָט געגעבען איהם אַן ענטפער א פערדעקטען,
אויך אביסעל משל'דיג, נור דייטליך, קלאָהר:
„מיר צוזאמען זענען זיכער גאָר א גוטע פּאָאר
די צרה אָבער איז, וואָס פיעלע מענשען זענען שלעכטע ארכיטעקטען,
זיי קענען אונז ניט צופּאַסען צוזאמען און דארום,
פיעל פענסטער מיינע שטעהען אין דער קרום...״

מאַנכער רעדנער האַלט אין שטעלען פענסטער נאַכאַנאַנד,
צוקאליעטשענדיג אין צימער יעדע וואַנד...



# דאָס שוועבעלע און דער אייזערנער צוואָק

דאָס שוועבעלע געזאָגט האָט צו דעם צוואָק: „דו טויגסט אויף קלאָגען!
דיין קאָפּ איז פלאַטשיג, זעהר מיאוס און דערצו,
בעקומט עס אָפטע קלעפּ, עס לאָזט דיך ניט צורוה;
עס קריכט נור אויף די ווענט און קריגט דערפאר געשלאָגען.
אָט איך בעזיץ א קלוגע קעפּעלע, ס'איז שעהן און רונד,
עס ליגט זיך אימער רוהיג, זיין זאָל עס מיר טאקי נור געזונד!"

אויף דעם ערווידערט האָט דאָס צוועקעל, שפּיציג שאַרף:
„מיט מיין צוקלאפּטען קאָפּ, בעדארף איך מיך גאָר ווייניג שעהמען,
„איך כאַפּ די קלעפּ, ווייל איך פּרוביר אלץ, וויכטיגעס צו אונטערנעהמען,
איך קען זיי אויך געדולדיג איבערטראָגען ווען מען דאַרף.
דו, ביזט אָבער נור א בריה ביז מען נעהמט דיך אין די הענט,
איין מאָהל דיך א רייב טהון, ווערסטו באלד פערברענט."

די מיאוסע צוקלאפּטע קעפּ, די פלאַטשיגע, די פלאַכע,
צוטהוען מעהרסטענס, מעהרער ארבייט ווי די שעהנינקע, די שוואכע.



# די מצה און דער מרור

ליגענדיג צוזאמען אויף'ן טיש, ביים סדר,
אויסגעלאכט דעם מרור, האָט די מצה:
„ביזט א טהייער שטיקעל גרינס, א גרויסע צאַצע,
קיינער אָבער גלייכט דיך ניט צו עסען, ליידער!
האָסטו שוין געזעהען, אימיצער זאָל עסען, דיך אליין,
אָט אזוי ווי מיך, אָהן קיין שום זאך — בלויז חריין?"

דער מרור האָט אויף דעם געענטפערט, שטאַרק פערביטערט:
„מצה עסט מען בלויז אַכט טעג און דאָס איז אויך, באין ברירה,
ווייל מען איז דערצו געצוואונגען פון דער תורה,
(דער איד פאר „כרות יאָהרען" נעבאָך ציטערט),
איך בין אָבער ווילקאָמען, די זאך איז קלאָהר,
זעהסט דאָך, מען געברויכט מיך פרייוויליג דאָס גאנצע יאָהר...."

דאָס פרייוויליגע, ס'מעג אפילו זיין ניט שטארק געלונגען,
שמעקט בעסער, ווי די בעסטע זאך וואָס איז געצוואונגען.



# דער שוואַרצער פראַק און דער קיטעל

דער שוואַרצער פראַק דערזעהען האָט דעם ווייסען קיטעל
און אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער.
„כאַ! כאַ! כאַ! ס'אַ מלבוש ניט קיין שלעכטער,
אין וואָס מען קומט עס אויסבעטען ביי גאָט אַ קוויטעל!
קיין וואונדער וואָס דער איד, אַ שלעכטען מזל האָט, אַ האַרטען,
געקליידט אַזוי געמיין, ווי קען ער בעסערס גאָר ערוואַרטען?"

דער קיטעל האָט אויף דעם געהאַט דאָס פאָלגענדע צו זאָגען:
„פאַר גאָט בעדאַרף מען ניט קיין שעהנע קליידער, פּוץ,
מען דאַרף נור שטעהן פאַר איהם אין ווייסען, ריין פון שמוץ,
הלואי נור וואָלטען אַלע אידען מיך געטראָגען!
די צרה איז, וואָס דיעזער ריינער ווייסער מאַנטעל,
ווערט אָפט פערביטען אויף דער מאָדע פון אַ פּוסטען פראַנטעל.."

דער איד זאָל הייליג האַלטען ז י י נ ס, און לויט דער מאָדע זיך ניט בייטען,
וואָלט ער פיליייכט געהאַט אַ גוטען קוויטעל, ווי ביי לייטען...



# דער ציביק און דער סיגאר

„יעצט זענט איהר שוין אלע קנאקערס, גרויסע לייט!"
געזאָגט דער ציביק האָט צו'ם סיגארעט און צו'ם סיגאר:
„אבי נור גרויפען, קען עס אָבקאָכען דער גרעסטער נאַר.
וואו זענט איהר געווען אמאָל, אין גאָר דער אלטער צייט?
דעם טעם פון רויכערען, צוערשט, בעקאָנט געמאַכט האָב איך,
און ריהמט אייך איינער, מיינט עס אייגענטליך, ער ריהמט גאָר מיך".

דער סיגאַר האָט איהם געענטפערט, זיך פערציהענדיג גאנץ שטארק:
„צווישען אונז גערעדט, איז יעדער מענש אויף אונז ערביטערט,
רויכערען איז שעדליך, עס צושטערט די נערוועז און ערשיטערט,
דו האָסט אלזאָ נור אריינגעבראכט אביסעל גיפט אין מארק,
און קוים ביזטו געווען דער ערשטער, מענשען צו פערסמ'ען,
בעדארף מען איבערהויפט דיך גאָר ניט ריהמען, נור פערדאמען."

ס'איז קיין עהרע ניט צו זיין דער ערשטער, עטוואָס צו ענטדעקען
ווען די ניי־ענטדעקטע זאַך איז ניט פאר ניצליכע און גוטע צוועקען.



# דער בלוטס טראָפּען

א פרישע טריפה איי, ארויסגעוואָרפען האָט מען אויף'ן מיסט.
דאָס איי האָט זיך בעליידיגט און גענומען שרייען „קאראאול!
די רבי'צען מוז איינפאך זיין משוגע, דול,
ארויסצואווארפען אזא געלכעל גלאַט אומזיסט, אומנישט!
צוליעב א רויטער פינטעלע האָט דיעזע מכשפה,
ערקלעהרט א פרישע ריינע איי, אלס טריפה!"

א טאָוועל פון א שולחן ערוך, האָט איהר גלייך געענטפערט אויף'ן אָרט:
„דיין פרישקייט און דיין שעהנער געלכעל,
דיין ווייסעל אונטער דיין אריסטאָקראטיש־פיינער פעלכעל,
טויגען טאקי ווירקליך גאָרניט פאר דער רב'צינס טאָרט,
ווייל די תורה פסק'ענט עס בפירוש אָט אזוי:
„דער בלוטס־טראָפּען טריפה מאכט די בעסטע איי". —

די גרעסטע זאכען ווערען אָפט צוליעב א קלייניגקייט מכולה,
צוליעב א קליינעם פלעק, פאַלט מאַנכער מענש ארונטער פון זיין גדולה.



# די סאָווע, דער קאַנאַריק און דער ראָב

די סאָווע האָט אין א ביי־נאַכט, געוויינט, געקלאָגט;
„אָה! די וועלט, האָט זי גע׳טענה׳עט, פינסטער איז און שלעכט.״
דער קאַנאַריק אָבער האָט איהר ניט געגעבען רעכט
און פרעהליך אונטערזינגענדיג, האָט ער געזאָגט:
„די וועלט איז פול מיט פראַכט און גלאַנץ, מיט גאָטעס גאַבען,
איהר צויבער־ליכט און גליק, איז גרויסאַרטיג, ערהאַבען!״

אַן אַלטער ראָב האָט אויסגעהערט די טענות פון זיי ביידען
און באַלד ערקלעהרט, אַז ביידע האָבען רעכט,
די סאָווע שלאָפט ביי טאָג און קוקט נאָר אָן די נעכט,
דעריבער איז זי מעלאַנכאָליש־פּעסימיסטיש אין איהר ריידען.
דער קאַנאַריק וויעדער שלאָפט ביי נאַכט און לעבט ביי טאָג,
איז ער טאַקי אָפּטימיסטיש, ווייס ניט פון קיין קלאָג.

די וועלט קען זיין ערהאַבען, צויבערליך און אויך ניט טויגען,
עס ווענדט זיך נור ווי איינער קוקט אויף איהר, מיט וועלכע אויגען.



# דער טשייניק און דער טאָפּ

דער טשייניק האָט פון זיך געבלאָזען, גאָר ווי עפּעס רעכטס.
„אלע טעפּלאך האָבען א גערוך". האָט ער געזאָגט.
„יעדערער מיט וואָס זיין מאכל איז פערבראָקט,
און וואו א טעפּעל, מוז עס שמעקען מיט געקעכטס,
בלויז מיר טשייניקעס, פערמאָגען אזא כח,
אז פון אונז ניט שמעקען זאָל דער קלענסטער ריח".

אן אלטער טאָפּ, דערלאנגט האָט איהם א הייסען שפּריץ.
„זעה נור ווי דאס האָט זיין נאָז פערריסען!
קענסט נור, ברודערקע, מיט לייכטע פּאַרע שיסען...
דיין גאנצע ארבייט דאָ, איז איינפאַך נור א וויץ,
דו שמעקסט ניט, ווייל דו קאָכסט נור ריינע וואסער סתם,
דיין מאכל האָט קיין ריח, אָבער ס'האָט ניט אויך קיין טעם."

די קליינע, אונבעדייטענדע פּערזאָנען, האָבען קיין חסרונות,
זיי צייכנען זיך מיט גאָרנישט אויס און ליידען קיין בזיונות



# די פאָהן און דער טלית

„בעטראכט נור מיינע פיעלע שעהנע פארבען,"
האָט די פאָהן געזאָגט צו'ם טלית.
„איך בין אין דער וועלט, דאָס טהייערסטע פון אלעס;
מיליאָנען מענשען זענען גרייט פאר מיר צו שטארבען,
דו, מיין פריינד! שפיעלסט, אסור צער, אזא מין ראליע,
ד'זעה שוין נאָך דיין שווארץ און וויס, דיין טרויעריגע דאָליע."

אויף דעם ערהווידערט האָט דער טלית, געטליך־פרום:
„איהר, די פאָהנען, זענט דער מענשהייטס ערגסטע שונאים,
אייער שעהנקייט און פיעל־פארביגקייט, בעצויבערען נאראָנים
די וועלט וועט אָבער אייביג דאָך ניט בלייבען אזוי דום.
די פאָהן, די מענשען־מערדערין, וועט ענדליך זיין פערדאַמט,
דער טרייער טלית אָבער, וועט פערבלייבען אייביג אין זיין אַמט."



אין דער צוקונפט וועט די מענשהייט זיך ארומזעהן, דערמאָהנען,
אז דער טלית איז פיעל אָנשטענדיגער פון די פאָהנען.



# דער פֿאַרהאַנג און דער האַנדטוך

דער פֿאַרהאַנג מיט'ן האַנדטוך זאַלבאַנאַנד,
האָבען זיך געטראָפֿען אין'ם וואַש־טאָפּ, אויף דער קיך
און דער ערשטער האָט דעם צווייטען אָבגעשטופּט פֿון זיך.
„אוועק! דו שמוציגער שטיק האַנדטוך, שמאַך און שאַנד!
ווארום בין איך ניט איינגעשמוצט אזוי פּאַסקודנע?
עס כאַפּט אַן עקעל קוקענדיג אויף דיר, עס ווערט מיר נודנע!"

אויף דעם ערווידערט האָט דער האַנדטוך, איהם: „מיין הערר!
לויט דיין אויסקוק, ווי דו ביזט א ביסעל נור פֿערשטויבט,
צייגט עס, אז דו האָסט גאַר ניט געאַרבייט איבערהויפּט,
האָסט אנדערע געלאָזען טהון וואָס שמוציג איז און שווער,
און דערפֿאַר, ווייל דו האָסט זיך ארויסגעדרעהט פֿון ברענגען נוצען,
מוזט דו זיך צוגלייך מיט מיר, אין דיעזער בלאָטע שמוצען."

פֿון דער פֿעסט וואָס ווערט ענטוויקעלט אין די אָרימע קוואַרטאַלען,
מוזען ענדליך אויך די רייכע לעדיג־געהער פֿאַלען.



# די בעלי תשובה

„דאנקען גאָט!" גענזאגט האָט די חרטה מיט פערגלאצטע אויגען.
„דער מענש איז גאָר נאָך ניט אזוי געפעהרליך שלעכט,
מען קען איהם געבען צו פערשטעהן וואָס אונרעכט איז, וואָס רעכט;
קוים ערקלעהרט מען איהם זיין טעות, גיט ער צו און לאָזט זיך בויגען.
אָט האָב איך אליין, שוין טויזענדער גערעטעט פון א צרה,
קריגענדיג חרטה, האָט ניט איינער שוין בעזיעגט זיין יצר הרע."

„כאַ! כאַ! כאַ!" צולאַכט האָט זיך א מיאוס'ע עבירה,
„פון דיין בעריהמעריי כאַפּט אן חלשות,
די גבורות דיינע האָבען ניט קיין שום ממשות;
בלויז די אלטע אָדער קראַנקע נעהמען אן דיין תורה,
כל זמן דער מענש איז אָבער שטאַרק און יונג,
הולטאיעוועט ער רעכטס און לינקס און שטעלט דיר אוים א צונג."






פרעגט ניט דעם בעל תשובה'ניק, ווארום ער איז ניט מעהר פערשייט,
פרעגט איהם בעסער שטילערהייד, אויף וואָס ער ליידט?

# דער ווײַן און די חרוסת

„זאָג מיר נור, אין וואָס בעשטעהט דײַן קראַפֿט ?"
געפֿרעגט בײַ'ם ווײַן, האָט די חרוסת,
„מען טרינקט פֿון דיר בײַ'ם סדר, גאַנצע ארבע כוסות,
אָט האָב איך דאָך אויך, אַ זעהר געשמאַקע זאַפֿט,
איך האָב אין זיך אי ניס, אי ווײַן, אי עפּעל
און קוים וואָס מען פֿערזוכט פֿון מיר אַ מאָהן, אַ שפּילקע קעפּעל !"

אויף דעם, דער ווײַן געענטפֿערט האָט איהר, שכור'לאך, נור קלוג :
„גראַדע ווײַל דו האָסט, אי עפּעלאך, אי ווײַן, אי ניסלאך,
טויגסטו ניט ! האָסט אָנגעכאַפּט פֿון אַלץ צו ביסלאך
און האָסט פֿון קיין זאַך ניט גענוג.
אָט איך האָב אָנהענגער אָהן צאָהל,
דערפֿאַר, וואָס איך האָב בלויז אײַן זאַך — מײַן אַלקאָהאָל !"




די וועלט בעעהרט פֿיעל מעהר דעם ספּעציאַליסט, דעם פֿאַך־מאַן,
ווי יענעם, וועלכער ווייס פֿון אַלץ צו ביסעלאַך, דעם סך־מאַן.

# דער שנעע און דאָס אײַז

דער ווייסער שנעע צוגאנגען איז, פערוואנדעלט זיך אין בלאָטע.
דאָס אייז פון קעלער האָט איהם ביטער קריטיקירט:
„אָה וועה! צו וועלכען תכלית דו האָסט זיך דערפיהרט!
ווען איך בין דו, וואָלט איך געשטאָרבען פאר גריזאָטע,
ווי שעהמסטו זיך ניט טיעף אזוי צו זינקען?
חזירים דאַרפען דאָך זיך מיאוסען, דיין וואסער טרינקען."

„ד'בין אין קלאָהרקייט און אין זויבערקייט אין דיר געראָטען."
האָט אויף דעם געענטפערט איהם דער שנעע.
„אָבער דו ליגסט טיעף אין קעלער אונטער שטרוי,
וועהרענד איך, אין גאַס פון יעדען איינעם, ווער געטראָטען.
מירביידע בלייבען ריין, ווען אונטער זיעבען שלעסער,
קוים ליגען מיר אין גאַס, ביזטו פון מיר ניט בעסער!"



בעטראַכט ניט די פערדאָרבענע, מיט האַס,
אממעהרסטען שולדיג איז די גאַס...



# ל"ג בעומר און חצי אלול

ל"ג בעומר האָט זיך איינמאָל שטארק בעריהמט,
אז ער איז פון די גרעסטע מיוחסים,
נאָך גרעסער פון יום־טובים און שבתים,
והראיה אויף ל"ג בעומר ווערען יעדען יאָהר בעשטימט
פיעל מעהר חופות, ווי אויף אירגענד ועלכען טאָג,
טראָץ דעם פאקט, וואָס ער בעלאנגט צו ספירה, צו די טעג פון קלאָג.

אויף דעם געענטפערט האָט דער חצי אלול דורכ'ן שופר,
„תקיעה, שברים, תרועה! עס איז נאָך א גרויסע שאלה,
אויב צו הייראטהען אין פריהלינג איז א מעלה,
צו צעהלען ספירה ביז דער חופה, איז גאָר מעשה לויפער ..
הייראטהען איז גוט אין אלול, אין די טעג פון מוראָ,
אָבער זיכער ניט ווען אלעס איז נאָך גרין, פאר מתן תורה"

דאָס הייראטהען איז ריזיקאליש סיי ל"ג בעומר, סיי צו תקיעות,
נור גרינערהייט און כאפענדיג, ז'עס איינפאך מיאוס...



# דער וואָגען און דער בייסיקעל

„כא! כא! עס פּלאַצען מיר די רעדער פאר געלעכטער!"
האָט דער וואָגען זיך געקאַטשעט אויף'ן קול,
ווען ער האָט דעם בייסיקעל ערבליקט צום ערשטען מאָהל.
„הפנים דיך געמאַכט האָט א בעל מלאכה גאָר א רעכטער!
ווי קען זיך גאָר אויף דיר געפינען ווען א בעלן,
מען פיהרט דיך נעבאך פאר די הענטלאך, זאָלסט אליין ניט פאלען?"

„נעבאך טאקי!" האָט דער בייסיקעל איהם נאָכגעקרימט מיט שפּאַס,
„הייסט עס דו ביזט נאָך דער חכם, ווייל דו קריכסט אויף אלע פיער,
איך אויף צוויי, פאָהר שנעלער אָבער נאָך פון דיר!
און איך לאָז מיך אויך ניט פיהרען פון א פערד אין מיטען גאס...
דארפסט פון מיר גיט לאכען, דארפסט מיך אויך ניט שטארק בעקלאָגען,
זעה צוערשט, צו קענסטו מיך גאָר, ברודערקע, דעריאָגען!"



קריטיקירט ניט קיינע נייעסען דאָ, אויף גאָטעס ערד,
ווייל דאָס אלטע ווערט גאנץ אָפט געפיהרט פון פערד!



# די אינזעקטען

בעשאפענדיג אינזעקטען, האט זיי גאט געהייסען געהן
און אויסקלייבען אן ארבייט; זיך געפינען וואס צו טהון.
זאפארט האט יעדער איינער אויסגעזוכט פאר זיך א פראפעסיאן,
פון וועלכער ער זאל ציהען נוצען, נור פאר זיך אליין.
בלויז די בייזע, בייסענדיגע ביענען,
האבען אויסגעדריקט א וואונש, דער וועלט מיט עפעס וואס צו דיענען.

פון הימעל איז א חונערענדע שטימע דאן געקומען:
„די אינזעקטען וועלכע זוכען אייג'נע נוץ,
זאלען וואלגערען זיך אויף'ן מיסט און עסען שמוץ,
די ביענען אבער, לעבען זאלען אויף דער זאפט פון בלומען
און טראגען זאלען זיי אויף זיך א גרויסארטיגע פליכט,
בעזארגען גאר די וועלט מיט זיסקייט און מיט ליכט!”...

צווישען מענשען, קענט איהר פונקט דאס זעלבע יעצט געפינען,
אי פערשאלטענע אינזעקטען, אי געבענשטע ביענען.

מאראל

# דער טרעמפּ און די קראַוואַט

דער טרעמפּ *) געלאַכט האָט פון דער מענערשער קראַוואַט :
„דו טויגעניכטס, דו שניפּסעל גולם, לאַנגער עק!
דו ברענגסט קיין ברעקעל נוץ, דו דיענסט קיין צוועק,
דו הענגסט נור ווי א פינפטער ראָד צום וואָגען אקוראַט,
אמת קלוגע, פּאָרטגעשריטענע פּערזאָנען,
וויל'ן אזעלכע פּוסטע צערעמאָניעס, מעהר ניט קאָנען.״

דער אָנגעגרייפטער האָט אויף דעם ערווידערט : „ביטע!
מיין נאָמען דאַרף מיט עהרע זיין בעדעקט,
דערפאַר שוין, ווייל מען האַלט מיך אלס א צייכען פון רעספּעקט,
איך ארבייט פאַר א מנהג, האַלט נור אָן א זיטע,
און א סמן אז איך דין אן אידעאל, א זעהר הויכען,
איז די „דיימאָנד־פּין״ וואָס איך בעקום אלס עהרען־צייכען.״

*) א היימלאָזער, בראַדיאַגע.



דער טרעמפּ מעג לאַגיש און גערעכט ארגומענטירען,
די מענשהייט וויל זיך אָבער מעשה־טרעמפּ ניט פיהרען.



# די שוואַרצע און די ווייסע האָר

די שוואַרצע האָר דערזעהען האָבען צווישען זיך א ווייסע,
,,ביזט ניט אונזערע!" געשריהען האָבען זיי מיט צאָרן,
,,מיר, דאָ אלע, זיינען דאָך גאָר שוואַרץ געבאָרען!
מיט דיר האָט דאָ געמוזט פּאַסירען ניט קיין שעהנע מעשה.
גאָר פּלוצלונג זיך אזוי צו ענדערען! ווייזט אויס דו ביזט ניט קלאָהר,
— דו מאַכסט צו שאַנדע אונזער גאַנצע קאָפּ מיט האָהר".

,,איהר אונוויסענדע!" האָט די ווייסע האָהר צולאַכט זיך.
,,דאָס וואָס האָט אצונד פּאַסירט מיט מיר,
וועט מיט אייך, מיט אלעמען, פּאַסירען היער,
מיט מיר, האָט עס אביסעל פריהער נור, געמאַכט זיך,
ניט וואונדערט זיך, ניט ערגערט זיך, עס איז קיין נייעס,
ס'מעג גוט זיין, אָדער שלעכט, איהר'ט אלע ווערען ווייס!"



די וועלט האָט פיעלע מאָל פערדאַמט געווויסע לייט,
פאַר פרעדיגען א װאָרהייטס־אידעאַל אביסעל פאַר דער צייט.



# דער צילינדער הוט און די יאַרמולקע

דער גלאנציגער צילינדער־הוט געטריבען האָט קאַטאָוועס,
און אויסגעלאכט די יארמולקע, די קליינע:
„דו ארימע, בטלנ׳יש היטעלע, געמיינע!
דו שמעקסט מיר אונטער מיט דעם טוידט, דעם מלאך המות,
עס טראָגען דיך נור תהילים־זאָגער און בית עולם קאַנדידאטען,
אָט איך געטראָגען ווער, פון לעבע־יונגען און אריסטאָקראטען!״

אויף דעם, די יארמולקע געענטפערט האָט איהם מיט טאַלאַנט:
„גרויסער פריץ מיינער! ד׳האָב פאר דיר רעספעקט און עהרע,
דו בעציערסט די רייכסטע בעלער, די סאלאָנען, טהעאטערע,
ביזט זעהר עלעגאנט, דער שטאָלץ פון יעדען פראַנט,
אבער ניט פערגעס זיך, דו ביזט פוסט פון אויבען ביז אראָפּ,
ווערהענד איך בין אויסגעפילט דורכאויס מיט קאָפּ!״...

עלעגאנץ איז ניט קיין סמן אויף פערשטאנד,
דיזעביידע מעלות געהען זעלטען האנד אין האַנד.



# די צוויי טשייניקעס

דער גרויסער טשייניק וואסער האָט געקאָכט זיך און געזאָדען,
שיפענדיג און בלאָזענדיג זיין הייסע פארע;
זידלענדיג דעם קליינעם טשייניק טהע מיט יענעמס ביסעל וואַרע.
„איך שעהם מיך גאָר מיט דיר צו שטעהן דאָ אויף דעם זעלבען באָדען!
ביזט קליין און אונבעדייטענד, אָנגעפילט מיט רויטליך־געלער חזיריי,
ס'איז אסור צער, אין מויל צו נעהמען דיך, כדאי."

„מיין רויטליך־געלער שטאָף, האלט אויף דיין עקזיסטענץ!"
ערווידערט האָט דער קליינער טשייניק טהע.
„ווייל ווער וואָלט דען געזופט דיין הייסע וואסער גלאָט אזוי?
עס האָט דאָך גאָר קיין ברעקעל טעם אָהן מיין עסענץ!
ס'איז אמת, דו ביזט גרעסער פיעל פון מיר,
פון מיין עסענץ בעקומסטו אָבער דיין געשמאק און דעם קאָליר."



די קליינע צאָהל געלעהרטע און חכמים, שרייבען פאָר,
די פארב, דעם אויסקוק און דעם ווערטה פון יעדען דור.



# דער אקער־אייזען און די שווערד

דערזעהענדיג די שווערד ביי'ם זייט פון גענעראל,
ווי זי הענגט מיט גאוה אין א שעהן־פערפוצטער שייד,
איז דער אקער־אייזען באלד ארוים מיט שארפע רייד:
„איך פראטעסטיר! מיר ביידע זענען דאך געשמידט פון איין מעטאל,
טא וואָרום ביזטו א בכבוד'ע און גענעראלסקע שווערד,
ווערהרענד, איך ביי'ם פויער, אקער מיט'ן נאז די ערד!"

„פאר ברויט, בעקומט מען אימער ביי די מענשען שטיינער."
געענטפערט האט די שווערד. „גענאסע אייזען!
„ווער הייסט דיר טהון די מענשען גוטעס, זיי צו שפייזען?
נעהם שנייד זיי פונקט ווי איך, דערלאנג זיי גוט איבער די ביינער,
זעטיג זיך מיט זייער פלייש און בלוט, און זוך נור צו רעגיערען,
וועסטו לעבען רייך, דער עולם וועט דיך רעספעקטירען."



דער מענשען־פריינד ליגט אימער טיעף אין דער אדמה,
עס לעבט נור יענער גליקלאך, ווער עס פיהרט מיט אונז מלחמה.



# די אָבגעשמיסענע הושענא

אן אָבגעשמיסענע הושענא אויף׳ן מיסט
האָט זעהר שטארק געריהמט איהר יחוס,
דערצעהלענדיג, אז מיט׳ן לולב איז זי ערשט געוועזן בסמיכות
און יעדערען האָט זי דעריבער קאלט בעגריסט,
ווי איינער זאָגט: „ר׳ קרוב, כאַפּט זיך ניט, פּאַוואָליע!
פערגעסט ניט, אז איך האָב געשפּיעלט א גרויסע ראָליע!״

אַ ריטעל פון א בעזים האָט איהר גלייך געשטעלט א פראגע:
„ווי באלד דו האָסט זיך שוין ארויפגעארבייט אויף א גוטער צייט,
געזעסען צווישען הויך געבילדעטע און פיינע לייט,
טאָ ווי־זשע קומסטו דאָס אצונד צו דיעזער לאגע?
מסתמא האָט מען אויסגעפונען אז דו פּאַסט ניט פאר דיין זייַן,
דער לולב איז געבליבען לולב, ווערענד דו בעקומען האָסט די שמייַן״.

קוים זענט איהר ארויסגעוואָרפען און געשמיסען,
וויל די וועלט פון אייער אלטען יחוס מעהר ניט וויסען.



# די ברית חדשה און דער תנ"ד

די ברית חדשה האָט גערייצט זיך מיט דעם אלטינקען, תנ"ך:
„נו, סוף כל סוף, וואָס העלפט דיר דיין פאריבעל?
אויף אייביג זענען מיר פעראייניגט אין דער ביבעל,
מירביידע זענען יעצט איין גרויסע זאך;
איין הייליגקייט פערקניפּט אונז יעצט צוזאמען,
און אלע דענקען אז פון גאָט, מיר ביידע, שטאַמען."

אויף דעם געגענטפּערט האָט איהם דער תנך'ל באַלד:
„נו יא, דיין יחוס איז יעצט הויך געשטיגען,
ווייל אימער זעהט מען דיך מיט מיר צוזאמען ליגען,
נור דאָס האָט בלויז דער בוכבינדער פעראייניגט אונז מיט גוואלד,
ווען ניט זיין קלעפּעדיגער פּאַפּ, זיין פּרעס און האנד,
דאַן קלעפּסטו זיך צו מיר, ווי ארבעס צו דער וואנד."

גייסטיגע קאָנטראסטען קענען זיין פעראייניגט בלויז לפנים,
אינערליך פערבלייבען זיי זיך פונקט די זעלבע שונאים.



# די יוגענד און די עלטער

די יוגענד האָט געטאַנצט, געשטיפט, פערגניגען זיך פערשאַפט,
„די גאַנצע וועלט איז מיינע!" האָט זי פּראָקלאַמירט,
מיין צוקונפט פּרעכטיג איז, מיין וועג מיט בלומען־קרענץ בעציערט,
ד'בין שטאַרק און מעכטיג, אונערשעפליך איז מיין קראַפט,
וואָס טויג מיר דענקען, טראַכטען, זאָרגען,
איך האָב דעם היינט און איך וועל האָבען אויך דעם מאָרגען!"

„מיין קינד! זיי שפּאַרעוודיגער", האָט געוואָרענט זי די עלטער.
„בענוץ ניט גאָר דיין פּולווער אין דעם ערשטען שאָס,
צוטהייל דיין קראַפט אויף זיעבציג יאָהר, אין גלייכער מאָס,
דאַן קענסטו קיינמאָל זיך ניט פיהלען שוואַכער, אונגליקליכער, קעלטער.
קוים שפּאָרסטו ניט דיין קראַפט, לעבסט זאָרגלאָז, אונערשראָקען,
צושווימט דיין ביסעל גליק, ווערסט יונגערהייד א זקן."



די אַלטקייט פרעדיגט אונז דאָס גרעסטע גליק, די טוגענד,
ליידער אָבער ווערט עס ניט פערשטאַנען פון דער יוגענד.



# די גאָס לאַמטערן און די לבנה

א גאָס־לאַמטערן, האָט פילאָזאָפירט מיט זיך אליין.
„היות ווי די לבנה, שיינט פון מיר ניט בעסער,
איז א סמן, אז זי איז פון מיר, מסתמא, אויך ניט גרעסער;
ז'איז איינפאַך, גראַדע ווי איהר זעהט זי — זעהר קליין,
ווען איך, לאַמטערן, וואָלט זיך דאָרטען אין דער הויך געשטעלט,
וואָלט יעדער איינער מיך געזעהען, פונקט ווי זי, אין גאָר דער וועלט!"

דאָס געזיכט אין דער לבנה, האָט געשמייכעלט: „אָה, לאַמטערן!
איך בין גרוים ווי גאר די וועלט, אין דו ביזט נור א פונק,
צוגעפעסטיגט צו א סלופּ, פערמאָגסטו ניט קיין שוואַנק,
קענסט ניט וואַנדערן ווי איך דאָ, אין די הויכע ספערען
און ווען אפילו יא, ווען דאָס זאָל שוין געשעהען,
צוליעב דיין קליינקייט, וואָלט מען דיך אין גאנצען ניט געזעהען".



וואָס העכער איינער שטעהט, וואָס העכער ער מוז שוועבען,
אלץ גרעסער מוז ער זיין, מען זאָל איהם מערקען דאָ אין לעבען.



# דער טעלעפאָן

אן אָבגעניצטער טעלעפאָן, איז צווישען שברי כלים,
געלעגען ערגעץ אויף א בערגעל מיסט, עק שטאָדט,
און ליגענדיג, געטענה'עט דאָרט צו גאָט:
„ווי לאנג ערשט האָב איך, גאָטוניו! בעלאנגט דאָ צו די גדולים?
ווי לאנג ערשט, זינט עס האָט מיט מיר געקלונגען?
יעצט וואלגערען זיך אָהן א היים, בין איך געצוואונגען!"

אן אלטער שטיקעל עדיטאָריעל, האָט עס גלייך דערהערט
און ווי זיין שטייגער, ניט געפרעגטערהייד ערקלעהרט:
„איך וויים די אורזאכע פון דיינע גרויסע ליידען,
פלעגסט תמיד, נור פון פרעמדע אינטערעסען ריידען.
ווען דו וואָלסט בלויז מיט זיך אליין געווען פערנומען,
וואָלסט דו צו דיעזען צושטאנד קיינמאָל ניט געקומען."



די יעניגע וואָס לעבען נור פאר פרעמדע אינטערעסען,
פערבלייבען ענדליך זעלבסט פערלאָזען און פערגעסען.



# די פאנטעןֿפען און דער בליישטיפט

די פאונטען־פען האָט מיט דעם בליישטיפט זיך גערייצט.
„דו זעהסט! דיין יחוס איז יעצט שטארק געזונקען,
אָט מיך בעדארף מען אויך ניט מעהר אין טינטער טונקען,
א קוואל מיט טינט, פון מיר בעשטענדיג פלייצט.
דו מוזט מיט מיר צוטהיילען זיך דיין קרוין,
איך שרייב יעצט, פונקט ווי דו, פון זיך אליין.”

אויף דעם ערווידערט האָט דער בליישטיפט: „ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן!
קיין כבוד האָסטו נאָך דערווייל ניט פערדיענט,
דו שרייבסט נאָך, שוועסטערקע, מיט פרעמדע טינט,
אָהן דיעזען פרעמדען מאַטעריאַל, איז אוים! קענסט גארנישט טהון,
זעהסטו, איך! שרייב וואָכען און מאָנאטען אָפּ,
בלויז שארפענדיג און שפיצענדיג מיין קאָפּ”.

די קרוין פון כבוד, דעם אריגינעלען קינסטלער בלויז געהערט,
ווייל נאָכגעמאכטע, פרעמדע, האָט א קליינעם ווערטה.

מאַראַל

# די פערשיעדענע פרוכט

די פרוכט פון גאַר דער וועלט, געטענה'עט האָט צום הימעל:
„ווארום זאָל יעדעס פרוכט בעפאלען ווערען פון א שונא,
פון ווערים, גרויסע אָדער קליינע,
פון ווערען וויך, פון פוילקייט און פון שימעל,
ווערהרענד בלויז די פרוכט פון שרייבער און פערפאסער,
פטור איז פון אלעס, ס'ליידעט נור פון פייער אָדער וואסער?"

אויף דעם געענטפערט האָט מען זיי פון אויבען:
„די פרוכט פון פעדער ליידעט אויך פון ווערים,
באציליען וועלכע קריכען איהר אין די געדערים;
מיקראָבען, וועלכע גאָר איהר זאפט און טעם בערויבען
אמאָל איז זי זאָגאר פערפוילט אין מאנכע פלעצער,
די פרוכט פון שרייבען, האָט אויף זיך די גרייזען פון דעם זעצער."



דעם זעצער אַארט ניט וואָס ער זעצט, אבי ער קריגט די **מעות**,
אין מאנכע ספרים איז דערפאר דער גאנצער זאץ — איין גרויסער **טעות**..



# די קוילען און די קאנאַנע

די קוילען האָבען זיך געקריעגט מיט דער קאַנאַנע.
„סטייטש! געשריעהען האָבען זיי מיט וואוטה,
„רק דו צווינגסט אונז צו פערגיסען אונשולדיגע בלוט.
דערצו נאָך שטעלסטו אונז אליין אין א סכנה.
יעדען מאָל ווען דו פאנגסט אָן מיט אונז צו שיסען,
ווערען מיר אין פיצע־פיצעלאך צוריסען.”

„כאַ! כאַ! כאַ! איהר האָט א חוצפה נאָך צו פראָטעסטירען.”
האָט געדונערט די קאַנאַנע מיט א טייפלישען געלעכטער.
„דער פראָטעסט געווען וואָלט דאן נור א גערעכטער,
ווען איהר לאָזט איהם הערען בשעת מען נעהמט אייך פאבריצירען,
ווארום ערלויבט איהר, זיך אלס קוילען, לאָזען מאכען?
אָהן אייך, וואָלט איך דאָך גאָר ניט האָבען דאָ מיט וואָס צו קראַכען.”

די רעגיערונג איז ניט שולדיג אין די שלאכט־פעלד רעזולטאטען,
שולדיג זענען זעלבסט די מענשען, ווייל זיי גיבען איהר סאָלדאטען.



# דער פּאַספּאָרט און דאָס געוויסען

דער אימיגראַנטען־פּאַספּאָרט האָט זיך שטאַרק צולאַכט:
"כאַ! כאַ! איך ווער פון נחת ברייטער, לענגער, דיקער,
דער מענש איז יעצט דער טפל, איך נור בין דער עיקר.
אָהן מיר, ווערט קיינער ניט גענומען דאָ אין אַכט!
אין מיר ליגט יעדערענס געשטאַלט ווי אין א שפּיגעל,
דער מענש איז גאָר קיין מענש ניט אָהן מיין זיעגעל."

„מענסט דעם מענשען אויסלאַכען און שטעכווערטלאַך איהם שיטען."
געענטפערט האָט איהם דאָס געוויסען,
„דיין זיעג איז אָבער פאַלש, זיי וויסען!
ביזט א פינסטערע ערפינדונג, פון און פאַר באַנדיטען,
סיי דער וואס גיט, סיי דער וואָס דאַרף דיין נארישע דיפּלאָמע,
איז גאָר קיין מענש ניט, נור א בריאה מיט א שמוציגער נשמה."

נור די יעניגע, וואס וואלטען זאָנסט בעלאַנגען צו דער קלאַס פערדאַמטע,
זענען פּאַספּאָרט־אָנהענגער, רעגיערער און בעאַמטע.



# בעשערט

א ביען ארייננעקוקט האָט אין א גרין־הויז, דורך'ן גלאָז
און דאָרט בעמערקט א פרישע בלום פון גאָרטען,
א זיסינקע, פון יענע וואונדערבארע סאָרטען,
וואָס שמעקען אזוי אנגענעהם דער ביען אין נאָז.
און וועלענדיג א זויג טהון פון דער בלום אביסעל זאפט,
אהין א יאָג געטהאָן זיך, האָט זי מיט איהר גאנצער קראפט.

די שויבען אבער, האָבען אבגעהאלטען איהר געיעג.
זיי האָבען זיך ארויסגעצייגט, אלס הארטע וואנט;
זיי דורכצוברעכען, האָט די שוואכע ביען, נאטירליך, ניט געקענט
און ניט פערשטאנען האָט זי, וואס עס שטעהט איהר דאָ אין וועג.
דיעזען וואונדער האָט די ביען נאָכהער ערקלעהרט,
אז די בלום איז איהר מסתמא ניט געווען בעשערט.

פיעלע מענשען ווייסען ניט וואָס שטערט זיי דאָ אין לעבען,
און אויף יעדען דורכפאל מוזען זיי דעם ביענען־תירוץ געבען.



# די גערעכטיגקייט און די קראַפט.

די גערעכטיגקייט געזאָגט האָט צו דער קראַפט: „ס'א פאַקט,
מיר ביידע, ווען צוזאַמען, זענען גאָר א גוטע זאַך,
בעזונדער אָבער, שטעהסטו נידריגער פון מיר, א סך;
דו בעגעהסט, ניט־זעלטען, א פערברעכערישען אַקט;
גערעכטיגקייט אָהן קראַפט, נאָך אלץ גערעכטיגקייט פערטרעט,
די קראַפט ווען אָהן גערעכטיגקייט, איז איינפאַכע ברוטאַליטעט"

„איך לאַך פון דיר און געה ניט נאָך, נאָך דיינע טריט."
האָט ערווידערט איהר די קראַפט.
„אַלץ וואָס איך פערמאָג, האָב איך מיר אייגענהענטיג דאָ געשאַפט
און ס'אַרט מיך ווייניג, אויב עס שמעקט דיר, אָדער ניט;
אפילו דו אליין, דאַרפסט אויך, צו יעדער צייט, מיין שוץ;
גערעכטיגקייט אָהן קראַפט, בעוואַרפען ווערט מיט שמוץ".



די גערעכטיגקייט מוז, ליידער, אויסשטעהן צרות, בלוטען,
ווען זי האָט ניט ביי איהר זייט, די קראַפט, אלס איהר מחותן.



# דאָס קוועקזילבער

דאָס קוועקזילבער פון טהערמאָמעטער האָט בעקלאָגט זיך:
„אָה, גאָט! ווארום בין איך אזוי געשטראפט?
איך בייט מיך לויט'ן וועטער אזוי אָפט;
אָט ווי די בייזע צייט צו מיר פערטראָגט זיך,
ווארום בין איך ניט זעלבסטשטענדיג און פעסט?
איך שטייג און פאַל לויט הייסע טעג און פרעסט."

„עס איז לחלוטין גאָר ניט קיין חסרון."
געענטפערט האָט דעם קלעגער, גאָט.
„ס'איז אדרבה א מעלה וואָס ניט יעדער איינער האָט,
ווערסט קיינמאָל ניט צושמאָלצען, קיינמאָל ניט פערפראָרען,
אָן אנדערער, פערשפּאָרט אָהן לופט, אזוי ווי דו,
וואָלט לאנג שוין טוידט געווען, געלעגען אין זיין רוה."



מאָנכע פיהרען אוים א גוטען לעבען און א שעהנעם,
ווייל זיי ווייסען ווי זיך צוצופאסען דאָ, צו יעדען איינעם.



# די צייטונג און דאָס בוך

די צייטונג האָט געלאכט פון בוך:
„ברודערקע! דו געהסט שוין גאָר ארויס פון מאָדע,
ביכער לעזען, איז א שווערע יעצט הכבדה,
און אויסער ווי אין ביבליאָטהעקען, זעהט מען ניט דיין דוך,
האָסט פערלארען ביי דער מענשהייט דיין בעדייטונג,
דו ביזט פאָלשטענדיג בעזיעגט געוואָרען פון דער צייטונג!"

„ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן, ביזט ניט מיין קאָנקורענט."
ערווידערט האָט איהר, גוטמוטהיג, דער ספר.
„ס'איז וואהר, דו האָסט אויף זיך מעהר קויפער,
מיינע לעזער זענען אָבער מעהר אינטעליגענט,
זיי האַלטען מיך בכבוד, לופטערען מיך, פוצען,
די צייטונג אָבער, ווערט בענוצט פאר כל השמוצען..."



בעסער האָבען בלויז געצעהלטע גוטע פריינד, נור טרייע,
איידער מאסען כלמרשט גוט־בעקאנטע, טעגליך נייע.



# דער אויזוועז און דער אייז-באקס

דער אויוועז און דער אייז־באָקס*) האָבען דיסקוטירט,
פון ביידען, ווער איז וויכטיגער דאָ אויף דער וועלט,
דער ערשטער מיט זיין פייער, צו דער צווייטער מיט זיין קעלט?
„דער וויכטיגסטער בין איך!" דער אויוועז האָט מיט היץ ארגומענטירט.
„אלע ווייסען, אז די וועלט האָט ליעב צו עסען עטוואָס רעכטס,
און עס גיט קיין בעסערס פון א ביסעלע געקעכטץ!"

אויף דעם, דער אייז־באָקס, האָט ערווידערט מיט א קאַלטען שטאָך:
„איך גיב צו, דיין ארבייט ריהמען אלע פרויען,
צופיעל אָבער, ברודער לעבען, וויל מען דיר ניט טרויען,
עס היט דיך, ווי דעם ערגסטען גנב, יעדער קאָך,
דו פערברענסט די בעסטע שפייזען, אָהן רחמנות,
זעהסטו, מיר, געטרויט מען אלעם אויף נאמנות!"

*) אייז־קאַסטען.

מאַנכען נוצליכען און וויכטיגען בעל טובה,
דארף מען היטען, ער זאָל ניט בעגעהן די גרעסטע גנבה!...



# דער פערלאָבונגס-רינג און דער טבעת-קדושין

„זעה נור ווי מיין דימענט פינקעלט, שפריצט מיט פייער.״
דער פערלאָבונגס־רינג געזאָגט האָט צו׳ם טבעת־קדושין
„שעהנע מיידלאַך האַלטען גרייט פאַר מיר די קושען;
איך בין זאָרגלאָז, ווי א קעניג לעב איך מיר, א פרייער,
דו, מיין פריינד, בעלאנגסט שוין צו דער אָבגעלעבטער גרופּע,
ווייל דו ביזט געשטאַנען אונטער די פיער פלעקער פון דער חופה.״

„מעגליך דו ביזט גליקליך, ווי דו שטעלסט זיך פאָר,״
דער טבעת־קדושין האָט ערווידערט,
נור איך האָב דיין גליק שוין אונטערזוכט, צוגליעדערט,
און איך בין דיר ניט מקנא אויף א האָהר;
ד׳ווייס דו האָסט א לאָך דאָרט אונטער׳ן דימענט, אונטער׳ן גלאנץ,
ווערענד איך בין רונד און רונד געזונד און גאנץ״...



אין דעם גליק פון אונפערהייראטע איז שווער צו גלויבען,
מעהרסטענס איז עס דורכגעפּוילט, עס גלאנצט לפנים נור, פון אויבען.



# די געלע און די גרינע

די געלע בלעטלאך האָבען אויסגעלאכט די גרינע.
„קענטיג איהר זענט נאָך ניט לאנג גאָר פון דער היים,
ערשט דאָ אָנגעוואַקסען אויף'ן בוים,
דערפאר איז צווישען אונז און אייך אזא מין נפקא מינה.
פוי! דאָס גרינקייט איז א שרעקליכער חסרון,
גאָט צו דאנקען, מיר זענען דערפון שוין לויז געוואָרען.“

שפּעטער זענען אויך די גרינע בלעטלאך געוואָרען געל.
דאביי פערלארען האָבען זיי דאָס גאַנצע קראַפט,
פערדארט געוואָרען און געבליבען אָהן אביסעל זאפט,
און פערשטאנען דאמאָלס האָבען זיי, גאנץ שנעל,
אַז די געלע, ווען זיי שמוצען און בעליידיגען די גרינע,
האָבען זיי דערצו קיין אורזאכע, זיי טהוען עס אויס קנאה.



קריטיקירענדיג די ערשט־געקומענע פון קליינע שטעדטלאך,
זענען מאַנכע מענשען גראדע אזוי קליינליך ווי די בלעטלאך...



# די פעדער און דער רויטער בליישטיפט

די פעדער האָט זיך אויסגעריהמט פאר לייטען,
אז זי איז יעצט די מעכטיגסטע העלדינע.
„מיין קראפט, האָט זי געזאָגט, בעטראכט די וועלט מיט קנאה.
ך'קען מיין שונא שיסען פון דער נאָהענט און פון ווייטען,
מיין מאַכט האָט אלע גרעניצען שוין איבערשטיגען,
מיך, די שארפע פען, קען קיינער ניט בעזיעגען.“

אויף דעם געענטפערט האָט א בליישטיפטעל א רויטער:
“אָן מיר, מאַיעסטעט, האָט איהר מסתמא זיך פערגעסען,
איך קאָנטראָליר נאָך אלע טינט און פעדער אינטערעסען,
און מיך צו איבערשפארען איז ניטאָ קיין צווייטער.
יאָ! די פעדער מעכטיג איז, דער בליישטיפט אָבער קומט צוערשט,
ווייל פון מיר, זאָגאר די שארפסטע פעדער, ווערט בעהערשט.“



דער שרייבער איז נאָך ניט דער גרעסטער פיהרער,
דאָס לעצטע וואָרט בעלאנגט צום קריטיקירער.



# די קאַטשקע און דאָס פערד

די קאַטשקע האָט אמאָל געזאָגט צו'ם פערד:
„ס'איז ווירקליך העכסט אינטערעסאַנט
צו האָבען, פונקט ווי איך, א דרייפאַכען טאַלאַנט,
ד'קען שווימען, פליהען און ארומגעהן אויף דער ערד.
ד'לעבען, פריינד! דו מוזט מיר צוגעבען דעם אמת,
אז א קאַטשקע איז א זעלטענע מושלמת."

„א קאַליקע שבקאַליקעס!" געענטפערט האָט דאָס פערד, ברוגז,
„איך ווייס, אז פליהען קענסטו נור א ביסעל;
אין שווימען, לאַכט דיך אויס, די קלענסטע פישעל,
דיין גאַנג איז בלויז, געקייקעלט זיך, אויף צרות טויג עס,
אָט איך, האָב איין מלאכה בלויז — ד'קען לויפען,
איך טהו עס אָבער אויף א פלינקען, שעהנעם אופן."

פון פיעל טאַלאַנטען, פיעלע מלאכות,
איז אימער ווייניג מזל ברכות.



# די הגדה און די קניידלאך

די הגדה האָט זיך שטאָלץ בעריהמט,
אז די קניידלאך דארפען איהר זיין דאנקבאַר,
זי האָט זיי געמאַכט ביי אידען גאַנגבאַר;
אלס א פסח־מאכל, זיי בעשטימט.
ווען א איד וואָלט די הגדה קיין מאָל זאָגען,
וואָלט דעם טעם פון קניידלאך, ניט געוואוסט זיין מאַגען.

אויף דעם געענטפערט, האָט א קניידעל איהר, א פעטע.
„מומינקע, איך גלויב, ס'איז גאָר פערקעהרט,
אונז צוליעב נור, די הגדה פאפולערער ווערט,
איך מאך מיט דיר אָט די מינוט א וועטע,
אז זאָלען קניידלאך נור ארויסגעהן פון דער מאָדע,
וועט קיינער מעהר ניט וועלען זאָגען די הגדה."



מאַנכער אידעאַלער מענש, איז גאָר ניט אזוי עהרליך, עדעל,
זאָגענדיג פאר אייך הגדה, מיינט ער פשוט נור די קניידעל...



# דער אלף בית און דער נאָטען-בלאַט

דער אלף בית בעריהמט האָט זיך מיט גאוה,
אז די אותיות, אין ווערטער אלערליי, צושטעלט,
דריקען אוים בוכשטעבליך אלעס אין דער וועלט,
סיי קונסט, סיי וויסענשאַפט, סיי טרויער, שרעק, סיי תאוה;
ניטאָ קיין זאך וואָס מענשען פיהלען דאָ אין לעבען,
דער אלף בית זאָל עס ניט קענען איבערגעבען!

דער נאָטען־בלאַט האָט איהם ערווידערט מיט א ניגון:
„עס הויבט זיך גאָר ניט אָן, דו ביסט ניט אלעס,
אין מאַנכע פעלע לײדסטו, ברודערקע, פון דלות,
און דיין בעהויפטונג איז במחילה גאָר א ליעגען,
ביים זינגען איז דער אלף בית גאָר וועניג וואָס פערטראַטען,
דאָרט מוזען שוין די מענשען אָנקומען צו מיינע נאָטען."



די גרויסע זעלבסט־בעריהמעריי איז נור צום לאַכען,
ניטאָ גאָר אויף דער וועלט קיין פאָלקאָמענע זאַכען.



# דער טאָפּ און דאָס וואסער

דער טאָפּ ענטשולדיגט האָט זיך פאר דאָס הייסע וואסער :
„דו מעגסט מיר גלויבען, טהייערינקער שכן !
ניט איך, האָב דיך געמאכט צום זידען און צום קאָכען.
פון דיינע צרות דאָ, ניט איך בין דער ערפינדער און פערפאַסער ;
ד׳בין א דיענער בלויז, אן אָנגעשטעלטער א געטרייער,
און מיר ביידע ליידען דאָ פון׳ם זעלבען בעל הבית, פון׳ם בייזען פייער״.

„יא, דו ליידעסט אויך, ס׳איז ריכטיג״.
דאָס וואַסער האָט ערווידערט בייז,
„אָהן דיר, שטיק לייהם, וואָלט איך שוין אָבער לאַנג זיין לויז.
דו ביזט פאר׳ן בעל הבית, שוין צופיעל וויכטיג,
ווען דו אין דיינע ווענטלאך האלסט מיך ניט געשלאָסען,
וואָלט איך איהם לאנג שוין אָבגעגאָסען און פערלאָשען.״

זוען ניט די טרייע דיענער, די ארמעען גוט־ארגאניזירט,
דער קעניג און דער הערשער, וואָלט דאן לאנג ניט עקזיסטירט.



# דער ראָב און דער חזיר

אימעצער געפרעגט האָט ביי דעם ראָב א פראגע:

„ווי קומט עס צו א פויגעל פון די הויכע ספערען,

וואָס פליהט דאָרט אין די הימלען, נאָהענט צו די שטערען,

זי זאָל זיך ארונטערלאָזען צו אזא מין עקעלהאפטער לאגע?

זיך אוועקצושטעלען גאָר ביי'ם פראָסטען חזיר אויף'ן רוקען,

ס'איז דאָך טאקי נור צו לויפען אויף חדושים קוקען!"

דער ראָב געענטפערט האָט: „קראָ! קראָ! איהר מאַכט א טעות דאָ, במחילה!

איך און דיעזער חזיר זענען קנאפע מחותנים,

ד'שטעה דעריבער אויף זיין רוקען, ד'קען ניט אָנקוקען זיין פנים,

איהר מיינט איך פריינדעל מיך מיט איהם? חלילה!

ד'בין צו איהם דאָ ניט געקומען יעצט אין געסט,

ד'פיק איהם אוים די האָהר, איך דארף זיי פאר מיין נעסט".




ווען דער הויכגעבוירענער וויל רייסען האָהר און שניידען פאַסען,

דאמאָלס ניעדערט ער ארונטער צו די פראָסטע מאַסען...

# דער שליסעל און די זון

א שליסעל, א פערגוואלגערטער, בעריהמט האָט זיך בזה הלשון:
„איך בין דער בעגלויבטעסטער אין גאָר דער וועלט,
מיר פערטרויט מען ציהרונג, ווערטה־זאַכען און געלט
און כאָטש אליין בין איך נור ווערטה א צעהען גראָשען,
ליגט דאָס בעסטע פון דער וועלט, ביי מיר אונטער׳ן שלאָס,
איך, דער קליינער שליסעל, איבער אלעם בין דער בעל הבית!"

און שיינענדיג פון אויבען העל, געזאָגט די זון האָט צו׳ם בעריהמער:
„ביזט א הארטער נפש און א קליינער בעל הוצאה,
קיינער האָט דערפאָר פון דיין עשירות קיין הנאה!
וואָס טויג דער וועלט א זאך וואָס ליגט פערשלאָסען אימער?
אָט איך, מיין ליכט און ווארימקייט, גיב יעדען איינעם פריי,
ווייל וואָס פערשלאָסען איז, צו האָבען איז אין גאנצען ניט כדאי!"

די קאַרגשאַפט האָט קיין ווערטה מיט אלע איהרע אוצרות, האָב און גוטס,
די וואָלטהאָט אָבער, שיינט און ווארימט ווי די זון, זי ברענגט אונז נוץ.



# דער שפּיגעל און דער שכל

ס'האָט געערגערט זיך אַ שפּיגעל ערגעץ אויף אַ וואַנד;
„סטייטש! איך צייג דעם מענשען זיין געשטאַלט,
אויב ער שעהן איז, אָדער מיאוס, יונג צו אלט.
טאָ וואָרום זאָל איך ניט צייגען אויך זיין גראַד פערשטאַנד?
וואָרום זאָל יעדער שפּיגעל, צייגענדיג דאָס פּנים
ניט צייגען אויך דעם חילוק צווישען קלוגע און נאַראָנים?"

דער שכל האָט עס צוגעהערט און איהם געגעבען צו פערשטעהן:
„דו בעגרייפסט נור יעדע זאַך פון אויבען אויף
און דעריבער צייגסטו נאָר די אויסערליכקייט פון דעם גוף,
קענסט דאָס טיעפע ניט בעגרייפען, ווייל דו ביסט ניט טיעף אליין.
דער מענשליכער פערשטאַנד איז צו אַ טיעפע זאַך
און דו, מיין פריינד, ביזט פלאַטשיג, זעהר פלאַך!"

מאַנכע האָבען וועגען שכל, נאַרישע בעגריפען,
דער פלאַכער איז קיין מבין אויף דעם טיעפען.



# די שעהר און די פּען

א שעהר אריינגעפאלען איז אין א רעדאקציע,
זיך בעפריינדעט דאָרטען מיט דער פּען און באלד
אויפגעהויבען א געטומעל און א גוואלד:
„רעספּעקט! ד׳בעלאנג שוין צו דער שרייבער־פּראקציע
א צייטונג אָהן א שעהר, איז ווי אָהן הענט,
אָהן מיר וואָלט זי בשום אופן גאָר ערשיינען ניט געקענט!״

די פּען, אויף דעם געענטפערט האָט איהר, מיט א שטריךְ א גראָבען.
„ווייס איך וואָס! דו קענסט דאָךְ גאָר ניט אָנשרייבען קיין שורה,
ביזט א פּראָסטער קאליקע־שניידורע!
וואָס נארסטו דאָ די וועלט, ווער דארף דיך האָבען?
די צייטונג האָט פון דיר א קנאפּע טובה,
דיין גאנצע ארבייט דאָ, בעשטעהט אין גנבה״...




דעם זעלבען ענטפער קענען געבען אלע פּראָדוצירער,
צו מאנכע לעדיג־געהער, זאָ גענאנטע פיהרער.

# די צוויי שוועבעלאך

"רעספעקט!" געשריהען האָט דאָס שוועבעלע וואָס ליגט אין קעסטעל,
„ד'בין ניט מעהר קיין איינפאך שוועבעלע, קיין פראָסטער חי וקים,
איך בעלאנג שוין צו א הויכען קלאַס, א נייעם;
איך וואלגער מיך ניט לויז אין טאַש פון וועסטעל!
איך רייב מיך ניט אָן יעדער לוטקע אָדער טיהר,
איך ליעג מיר אין א שעהנער שאַכטעל און איך רייב מיך נור אָן איהר".

„ס'א קנאַפער אונטערשייד!" ערווידערט האָט די צווייטע.
„עס מאַכט ניט וואו דו רייבסט זיך, וואו דו צינדסט זיך אָן,
דער פאַקט איז, סוף כל סוף, פון'ם רויטען האָהן
מיר ביידע בלייבען ליעגען אָבגעברענטע, טוידטע.
וואָס טויג מיר שאַכטעל־שמאַכטעל, ראַקפעלערס פאַלאַצען,
אז דאָרטען האַלט דיך אויך דער מלאך המות פאַר די לאַצען!"






ס'איז לעכערליך דאָס טהיילען זיך אין מאַסען און אין קלאַסען,
ווייל סוף כל סוף, מיר אלע געהען אין דעם קבר אין דעם נאַסען!

# דער הערינג און די ציבעלע

דער הערינג און די ציבעלע, צושניטען אויף'ן טעלער,
זענען זיך געלעגען, אלס א פאָרשפּייז, אויף'ן טיש
און געלאכט האָט פון דעם צוויבעל, דער געזאלצטער פיש.
„דיין ביטערקייט, אָט דאָ אין הארצען, מאכט מיר אָן א פעהלער,
איך ווייס ניט וועלכער גולם קען דיך האָבען גערען,
דו רופסט דאָך גאָר ארויס ביי יעדען איינעם טרעהרען!"

די צוויבעל האָט דערויף געענטפערט איהם: „שטיג פגר!
א שפּאָס וואָס דו ביזט שוין א גוטער מאכל,
א ליטוואק מיט אביסעל מילך געזאלצענע אין בייכעל!
דו האָסט נאָך חוצפה לאַכען דאָ פון מיר א שטייגער!
איך בין ביטער, איז די ביטערקייט כאָטש מיינע,
וועהרענד דיין געזאלצענקייט איז אויך ניט דיינע."



א חסרון ז'אויך א יחוס, אויב ער איז נור אַן אריגינעלער,
ווייל מאנכע דארפען נעבאך באָרגען זיך אפילו זייער פעהלער.

# דער ריכטיגער פראָדוצירער

דער סמיטשיק, פיעדעל און די לינקע האַנד,
האָבען צווישען זיך געדעבאטירט,
ווער פון זיי דאָס עכטע שפּיעלען פּראָדוצירט.
און יעדער איינער האָט געזאָגט, אז יענעביידע זאלבענאַנד,
איהם העלפען נור ארויסברענגען די קלאַנגען,
נאַטירליך, דארף דער גאַנצער דאַנק, נור איהם אליין בעלאַנגען.

דאָס צוגעהערט האָט איינער א מוזיק־פּראָפעסאָר
און אלס גרויסער מבין, זיי די זאַך ערקלעהרט:
„אלע דריי, האָט איהר פאר דער מוזיק, א גרויסען יוערטה,
קיין איינער אָבער איז פון אייך ניט בעסער אָדער גרעסער,
דער עכטער פּראָדוצירער איז דער מענש, דער מוזיקאנט,
ווייל איהר אָהן איהם, זענט אלע פּראָסטע כלים, אָהן טאלאנט".

דער מענש איז ניט דער שעפער פון דער וועלטליכער קולטור,
מיר אלע זענען בלויז געצייג־שטיק ביי דער געטליכקייט־נאַטור.



# מבינות

א חזיר איז אמאָל אריין אין גאָרטען.
ער האָט אלעס דורכגעקוקט, געשמעקט,
ביז דער היטער האָט איהם צופעליג ענטדעקט
און שנעל ארויסגעטריעבען איהם פון דאָרטען.
דער חזיר האָט נאכהער פון דיעזען פאל,
דאָס פאָלגענדע דערצעהלט ביי זיך אין שטאל :

„ברידער ! לעבען טאקע זאָל נאָר אונזער חזיר'שער קאטוך !
לעצטענס האָב איך א פארנאכט
אין דעם וויינגאָרטען א ביסעלע פערבראכט,
בין איך שיער ניט אומגעקומען פון דעם שרעקליכען גערוך,
די טרויבען און די אפאלסינעס האָבען דאָרט די לופט אזוי פערדאָרבען,
אז ווען דער היטער ווארפט מיך ניט ארויס, וואָלט איך געשטאָרבען״.



אויף וויינטרויבען און אפעלסינעס,
פרעגט ניט ביי דעם חזיר קיין מבינות.



# די ליעבע און די חניפה

"ביזט א פאלשע בריאָה!" האָט געזאָגט די ליעבע צו דער חניפה,
„דיינע זיסע קאָמפלימענטען האָבען קיין ממשות,
ווער עס קען דיך, כאַפּט איהם אָן פון דיינע רייד חלשות,
האָסט ניט קיין געפיהלען, עכטע, הארציג־טיעפע,
ליידער, נאַרט זיך אָב אין דיר, ניט איינער,
אנשטאדט ליעבע, קריגט ער נעבאך ביי דיר שטיינער".

„נארעלע!" געענטפערט האָט די חניפה, צוקער־זיס.
„איך בין נור פאר יענע מענשען, אן ארטיקעל,
וועלכע ל י ע ב ע ן פאלשע חניפה'לע א שטיקעל,
עגאָאיסטען וועלכע טרעטען וואהרע ליעבע מיט די פיס,
קיין עכטע פריינדשאַפט האָבען יענע מענשען ניט די ווערטה,
האָט גאָט די פאלשע חניפה, אויף דיין פלאץ, פאר זיי בעשערט."

דער מענש וואָס נעהמט אָן שלעכטס פאר גוטעס, פאלש פאר עכט,
פערדיענט קיין בעסערס ניט, ס'איז אויף איהם רעכט

מהר"ל

# די נאַכט און דער טאָג

„איך בין אויף דער וועלט, דאָס בעסטע וואס קען געבען."
געזאָגט די נאַכט האָט צו דעם מענשען.
„איהר אלע דאַרפט מיר דאנקבאַר זיין, מיך בענשען,
ד'ברענג אייך רוה און נייע קראפט צום לעבען;
די נאַכט, צו אלע צרות ברענגט א סוף,
זאָגאר דער אונגליקליכסטער פיהלט זיך גליקליך אין זיין שלאָף."

„וועה צו יענעם, וואָס דארף זוכען גליק אין חלום!"
ערווידערט האָט דער טאָג אויף מאָרגען,
„אין שלאָף פערגעסט מען זיך א וויילע אויף די זאָרגען,
אָבער ס'איז קיין גליק צו זיין האַלב טוידט, כמעט עליו השלום,
די נאַכט בעפרייט נור פאַר א וויל פון טרויער, קלאָג,
דאָס עכטע גליק געניסט נור יענער אָבער, ווער עס לעבט א גוטען טאָג".



ווען איינער זוכט זיין רוה און גליק אין שלאָפען,
האָט ער דאָס עכטע גליק אין לעבען, זיכער ניט געטראָפען.



# דער רייכער שותף

די מיליאָנען קליינע שטערען און קאָמעטען,
וועלענדיג דעם חושך פון דער וועלט בעזיעגען,
ערגעץ־וואו א שותף, האָבען זיי געזוכט צו קריגען,
און זיי זיינען צו דער זון אוועק זיך בעטען:
„קום מיט אונז!" האָב'ן זיי גענומען טענה'ען,
„מיר מיט דיר צוזאמען, וועל'ן מיר בעסער קענען שיינען."

די זון האָט איינגעשטימט איהר ליכט צו באָרגען
אויף ניין אָדער צעהען שטונדען אין מעת לעת,
און גאָט געדאנקט, די שטערען האָבען פאר'ן נס.
די גאנצע שמחה אָבער, האָט געדויערט ביז אויף מאָרגען,
ווייל דער רייכער שותף האָט אזוי גענומען גלאנצען,
אז די שטערען האָט מען שוין ניט אָנגעזעהען גאָר אין גאַנצען.

דער אמת־גרויסער אויפטהוער וואָס העלפט ארוים די קליינע,
שיינט מעהר פון אלעמען, פערדונקעלט זיי ביז איינע.



# דער שפּאַציר-שטאָק און דער רעגנען-שירם

"רעספּעקט פאר אונזער ברודער!" האָט א מאָל געזאָגט דער שטאָק,
"דער יעניגער וואָס געהט מיט מיר אין האַנד שפּאַצירען,
פערדיענט גאַנץ עהרליך, אַז דער עולם זאָל איהם רעספּעקטירען,
ווייל מיר צוליעב, וועט ער שוין טראגען אויך א שעהנעם הוט, א שעהנעם ראָק
נור הויפּטזעכליך גיב א י ך איהם צו אן אויסקוק גאָר אן עלעגאנטען,
און ניט אומזיסט מיך טראָגען טאַקי, אלע שעהנסטע פראַנטען".

דער רעגען - שירם האָט ערווידערט : „ביזט א טהייערע און גוטע זאַך,
אָבער זאָג מיר נור, גענאָסע, ד'וויל דיך פרעגען,
טויגסטו עפּעס אין אַ טאָג, ווען ס'געהט אַ רעגען ?
צו האָסטו פאר'ן מענשען אָנגעגרייט, ווי איך, א שטיקעל דאַך ?
וועה צו יענעם, ווער עס בלייבט אין רעגען מיט'ן הוילען שטעקען...
טראָגענדיג א שירם אָבער, האָט דער מענש מיט וואָס זיך צו פערדעקען,




לוקסוס זאכען, עלעגאנץ און רייכער פוץ,
האָבען קיין שום ווערטה ווען ס'קומט צו ברענגען עטוואָס נוץ,

# די פען און דער ליטעראט

די פען פון א בעריהמטען שרייבער, האָט ערקלעהרט,
אז אלע גרויסארטיגע ווערק וואָס איהר געביטער שאַפט,
ערשיינען בלויז דאפיר, ווייל זי, די פען, לעגט צו איהר מיה און קראפט,
דער בעסטער שרייבער, אָהן א פען, איז גאָרנישט ווערטה!
„מיר ביידע, האָט זי פאָרטגעזעצט איהר גרוים בעריהמעריי,
פערפאסען אלע ביכער, האלטען אויף די קונסט פון שרייבעריי!"

„די פען, גאנץ ריכטיג, דרש'ענט דאָ דעם פשט!"
אריינגעמישט זיך האָט דאָס ווערק.
„זי ארבייט גלייך מיט'ן פערפאסער, ווי איך מערק,
פון דעסטוועגען איז דאָ א חילוק צווישען פען און ליטעראט;
א פען בעקומט מען איבעראל, פאר בלויז א סענט, א פאָאר,
נור ליטעראטען — איינעם אין א שטאָדט, אין הונדערט יאָהר!"

אין אן אונטערנעהמונג, אלעם נויטיג איז, וואס ארבייט טיכטיג,
אָבער ווייט ניט אלץ, איז ווירקליך וויכטיג...



# די מילבען און דער עלעפאנט

די מילבען האָבען איינמאָל דיסקוטירט
די פראגע ווער עס האָט די זכיה,
צו זיין דאָ אויף דער וועלט, די גרעסטע בריאָה?
א טהייל, די פליג, אלס ריעזען־חיה האָבען פראקלאמירט,
אנדערע, דאַגעגען, האָבען איבערצייגט מיט טויזענד ראיות,
אז די ביען איז גאָר די גרעסטע צווישען אלע חיות.

די פלוגתא, האָט דאן אימעצער צום עלעפאַנט דערטראָגען.
„סטייטש! א פליג זאָל גילטען אלס א ריעז!
זאָל דער עלעפאַנט, די פרעכע מילבען, צייגען ווער ער איז!"
דער לעצטער, אָבער, האָט דאָס פאָלגענדע געהאט צו זאגען:
„א בריאה, וועלכע האָט התפעלות פאר דער גרויסקייט פון א פליג,
צו קליין איז, איך זאָל זי בעמערקען, פיהרען מיט איהר קריעג".

יעדען איינעמס גרויסקייט, קען מען אָבשאצען און מעסטען,
לויט דעם גדול ווען ער פערגעטערט, אלס דעם גרעסטען.



# דער עץ החיים און דער עץ הדעת

דער עץ החיים האָט געזאָגט צו׳ם עץ הדעת:
„דו ביזט עס דער גרויזאמער פערברעכער,
האָסט אויף אָדם׳ס קינדער אָנגעבראַכט די געטער;
צוליעב דיין פרוכט, געוואָרען איז דער גאַנצער כעס!
האָסט געזוכט דעם מענשענס גליק, צו שטערען, צו פערדארבען,
ווען ניט דו, וואָלט ער דאָך קיינמאָל גאר ניט שטארבען״.

„ליידער, ליידער איז עס אמת, ך׳גיב עס צו.״
האָט דער עץ הדעת איהם ערווידערט.
אָבער גראדע דיעזער פאקט, דעם עץ החיים שטארק ערנידערט,
ס׳הייסט, אז איך בין ביי די מענשען אָנגענומען מעהר ווי דו.
איידער לעבען אויביג און אָהן וויסען,
ווילען זיי שוין ליעבערשט שטארבען און מיין פרוכט געניסען.

וויסען, מיינט—ניט לעבען, ווייל דער לעבענס-בוים איז שטרענג פערבאָטען
פאר די יעניגע, וואָס זענען עץ הדעת פאטריאָטען.



# בעקאנטמאכונג פון די הערויסגעבער

עס ווערען אַנגענו־
מען אבאָנאמענטען אויף
דער צווייטער טהייל פון
דיעזער סעריע פאבלען
וועלכע איז שוין אין דרוק
און וועט קירצליך ער־
שיינען.

די יעניגע וועלכע ווי־
לען זיך פערזיכערען מיט
א קאָפּיע פון דער צוויי־
טער טהייל פון דיעזער
וואונדערבארער סעריע,
זאָלען אונז אריינשיקען
זייער בעשטעלונג בעציי־
טענס, ווען מיר זיי
ארויסשיקען דאָס בוך
אזוי שנעל ווי עס וועט
ארויס פון דרוק.

ביכער־געשעפטען ווע־
לען בעקומען ראבאט,
ווי געוועהנליך.

זיך ווענדען אויף פאלגענדער
אדרעס:

CANADIAN JEWISH
PUBLISHING CO. LTD.
TORONTO, CAN.

---

נ. ב. די ערשטע טהייל פון דיעזע
פאבלען „הונדערט טראפּען
טינט“ קענט איהר בעקומען
ווען איהר שרייבט צו דעם
אויבענדערמאהנטען פלאץ.

